# קאַרל ראַדעק



# פּאָרטרעטן

(לאַריסאַ רייסנער, דזשערזשינסקי, ווילסאָן)

גראשן־ביבליאָטעק נר. 203 פּרייז 30 גראָשן

קאַרל ראַדעק

# פּאָרטרעטן

לאַריסאַ רייסנער

דזשערזשינסקי

וואָודראָ ווילסאָן

פאַרלאַג „גראַשן-ביבליאָטעק"

1935 וואַרשע

# לאַריסאַ רייסנער

עס רוקט אָן דער צענטער יאָרצייט פון יענעם טאָג, ווען אינמיטן דער פינסטערער נאַכט פון דער מענטשהייט, איבער די שוץ־גראָבנס פון די פראָנטן, האָט זיך באַוויזן אין שאַרפן גלאַנץ דער רויטער שטערן פון די סאָוויעטן. פונם פייער פון די שאָסן, פונם בלוט פון די אומגעקומענע, פונם שווייס פון די אַרבעטער ביי קריגס־אינדוסטריע, פון די ליידן פון מיליאָנען, וואָס האָבן געפרעגט וועגן דעם זין פון זייער ליידן — איז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע געבוירן געוואָרן. דאָס רעווען פון די האַרמאַטן, דאָס בילן פון דער בירגער־לעכער און סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פרעסע האָבן זיך באַמיט זי צו פאַרטויבן; אָבער זי איז דויערהאַפטיק, בויגט זיך נישט איין און די גאַנצע מענטשהייט האָט צו איר אומדרייסט געווענדעט דעם בליק. טייל — מיט אַ ברכה און האָפענונג. אַנדערע — מיט אַ קללה און זידלעריי. זי איז געווען דער ראַנד פון צוויי וועלטן, פון אַ וועלט, וואָס גייט אונטער אין שמוץ און אַ וועלט, וואָס ווערט געבוירן אין פיין. געווען איז זי דער פרובירשטיין פונם גייסט. אַלץ, וואָס איז געווען דער „גייסט“ פון דער בורזשואַזער וועלט — נישט בלויז אירע גלחים און געלערנטע, נישט בלויז ליטעראַטן און אַרטיסטן, נאָר אַלע „אינטעלעקטועלע“ עלעמענטן פון דער אַרבעטער־בעוועגונג, ד. ה. די גרויסע מערהייט פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ, וואָס האָט געוואָלט זיין אַזוי גוט און „באַפרייען“ דעם פראָלעטאַריאַט —

זיי אַלע האָבן זיך דערשראָקן פאַרן פּרצוף פון דער פּראָ-לעטאַרישער רעוואָלוציע. אַזעלכע לייט ווי קאַוטסקי, פּלע-כאַנאָוו, געד און אַנדערע, וועלכע האָבן דאָס גאַנצע לעבן געטרוימט וועגן רעוואָלוציע, האָבן זיך איצט פון איר אָפּגע-קערט.

יענער טייל מערב-אייראָפּעאישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך פּאָזיטיוו באַצויגן צו דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, האָט אין איר געזען בלויז דעם סוף פון קריג, אַ בונט קעגן קריג. געצײילטע בלויז האָבן פאַרגעפילט דעם אָנהויב פון אַ נייער וועלט, פאַרגעפילט אים מיטן טיפן ציטער. אין רוסלאַנד איז צו די באָלשעוויקעס צוגעשטאַנען בלויז אַן אומבאַדייטנ-דער טייל אינטעליגענץ. די רוסישע אינטעליגענטן, אַפילו יענע, וואָס זענען געשטאַנען נאָנט צום פּראָלעטאַריאַט, האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אָט דאָס הינטערשטעליקע לאַנד זאָל קאָנען דורכהאַקן דעם פראָנט פונם וועלט-קאַפּי-טאַליזם.

צווישן אָט די ווייניקע, וועלכע זענען נישט בלויז אַנטשלאָסן צוגעשטאַנען צום פּראָלעטאַריאַט, נאָר געטון עס מיט טיפער פאַרשטענדעניש פאַר דער וועלט-וואָגיקייט פון דעם, וואָס עס קומט פאָר, און מיטן פעסטן גלויבן אין נצחון, מיט ענטוזיאַזם — איז געווען אויך לאַ-ריסאַ רייסנער. קוים 22 יאָר איז זי אַלט געווען, ווען עס האָט אויסגעשלאָגן די טויט-שעה פונם בורזשואַזן רוסלאַנד. ס'איז איר אָבער נישט באַשערט געווען צו זען דעם צענטן יאָרטאָג פון דער רעוואָלוציע, אין וועמענס רייען זי האָט טיכטיק געקעמפט און וועמענס קאַמפן זי האָט באַשריבן אַזוי, ווי עס קאָן נאָר באַשרייבן דער, וואָס ביי אים האָט

זיך די נשמה פון אַ גרויסן פּאָעט פאַראייניקט מיט דער נשמה פון אַ גרויסן ריטער.

א ריי אַרטיקלען און ביכער — אָט דאָס איז די גאַנ-צע ירושה פון לאַריסאַ רייסנער. די איינציקע טעמע זייע-רע איז — די אָקטאָבער-רעוואָלוציע. אָבער כל זמן מענטשן קעמפן, דענקען און פילן, כל זמן עס ציט זיי דער חשק געוואָר צו ווערן, „ווי אַזוי דאָס איז געשען", וועלן זיי לייענען אָט די ביכער און וועלן זיי נישט אַוועקלייגן, ביז זיי וועלן נישט דערלייענען ביז צו דער לעצטער זייט, וואָ-רום פון אָט די ווערק שלאָגט דער הויך פון רעוואָלוציע.

ס'איז נאָך נישט די צייט אָנצושרייבן די ביאָגראַפיע פון אָט דער מערקווירדיקער פרוי. די דאָזיקע ביאָגראַפיע וואָלט אַנטהאַלטן נישט בלויז פאַרכאַפנדיקע בלעטער גע-שיכטע פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, נאָר זי וואָלט אויך דערמעגלעכט טיף אַריינצובליקן אין דער געשיכטע פונם גייסטיקן לעבן פון רוסלאַנד פון פאַר דער רעוואָלוציע, אין דער געשיכטע פון געבורט פון נייעם מענטש. דאָ וועל איך אָנצייכנען בלויז עטלעכע געדאַנקען, קוים אַ פּאָר שטריכן און באַמערקונגען, וואָס וואָלטן געקאָנט אָנגיין אַלס פונדאַמענט פאַר אָט דער אַרבעט.

לאַריסאַ רייסנער איז געבוירן געוואָרן דעם 1-טן מאַי 1895 אין לובלין, וואו איר פאָטער איז געווען פּראָפע-סאָר פון אַגראָנאָמישן אינסטיטוט אין פולאַווו. דאָס נאָרדישע בלוט פונם פאָטער האָט זיך ביי איר צוזאַמענגעגאָסן מיטן פוילישן בלוט פון דער מוטער; די ירושה פון דער אַלטער דייטשער קולטור פון פיל דורות שטרענגע אַדוואָקאַטן — מיטן ברען פונם לײדנשאַפטלעכן פוילן.

לאַריסאַ איז דערצויגן געוואָרן אין דייטשלאַנד און

פראַנקרייך, וואוהין איר פאָטער פלעגט אַרויספאָרן צוליב וויסנשאַפטלעכע צוועקן און וואו ער איז פאַרבליבן אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט. פאַר לאַריסאַס אויגן איז פאַרבייגעגאַנגען דער שווערער אינערלעכער קאַמף אין דער היים. פון אַ יוריסט-קאָנסערוואַטיסט און מאָנאַרכיסט האָט דער פאָטער זיך איבערגעשמידט אין אַ רעפּובליקאַנער און סאָציאַליסט. די באַדינגונגען, ביי וועלכע לאַריסאַ איז אויפגעוואַקסן האָבן זיך בולט געביטן. דאָס אָרט פון רוסישע פּראָפעסאָרן האָבן פאַרנומען דייטשע דעמאָקראַטן (פּראַט, טרעגער) און סאָציאַל-דעמאָקראַטן.

די קלוגע, לעבעדיקע אויגן פונם קליינעם מיידל האָבן פיל זיך אָנגעזען. זי האָט געזען בעבעלן, דעם פריילעכן קאַרל ליבקנעכט, מיט וועלכן עס האָט זיך אָפט געטראָפן פּראָפעסאָר רייסנער — דער הויפט-עקספּערט אינם קעניגסבערגער פּראָצעס. דאָס גאַנצע לעבן האָט לאַריסאַ געדענקט אירע וויזיטן ביי דער אַלטער „מומע ליבקנעכט". ווען פאַרעדיקן קריגל אויף קאַווע, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען אויפן טיש בעת אָט די וויזיטן, ווען זיסן שטרודל, מיט וועלכן די „מומע" האָט זי מכבד געווען — פלעגט זי דערציילן, ווי ס'וואָלט געווען ערשט נעכטן. אָט די דעריגעגונגען זענען געוואָרן דער גרונד פון האַרציקער צוגעבונדנקייט, וואָס לאַריסאַ האָט געפילט לגבי דייטשלאַנד. די אַרבעטער-קינדער פון זעלענדאָרף, מיט וועלכע זי איז צוזאַמען געגאַנגען אין שול, די מעשיות פון דער אַרבעטערין טערעסע בענק, וועלכע האָט צוגעהאָלפן איר מוטער ביי דערווירטשאַפט — דאָס אַלץ האָט געלעבט אין לאַריסאַס זכרונות; און ווען זי איז אין 1923 געווען אַ שטיקל צייט אין בערלין אומלעגאַל, האָט זי געוואוינט ביי אַן אַרבעטער-

פאַמיליע און געפילט זיך דאָרט, ווי אין דער היים. סיי די אַלטע אַרבעטערין, וואָס האָט איר געוואַשן די האָר און סיי איר אייניקל, מיט וועלכער לאַריסאַ פלעגט גיין שפּאַצירן אין טירגאַרטען, האָבן אין איר געזען נישט אַן אויסלענדערין־אינטעליגענטקע, נאָר אַ היימישן מענטש ווייערן.

די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס אירע כוואַליעס זענען אַריבערגעשוואומען די דייטשע גרענעץ, האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער נשמה פונם קליינעם מיידל. אירע על־טערן פלעגן כסדר זיך פריינדלעך אויפהאַלטן מיט די רו־סישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זענען געווען אויף עמיגראַציע. די קליינע האָט פאַרשטייט זיך נישט געקאָנט פאָראויסזען, אַז לענינס בריוו צום פראָפ. רייסנער וועלן אין דער צוקונפט ווערן איר שטאָלץ. געוויס האָבן די חברים, וואָס פלעגן געהיימניספול קומען און פאַרשווינדן, מער געווירקט אויף איר פאַנטאַזיע.

ס׳איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע פון 1905—1906, און איר פאָטער האָט זיך געקאָנט אומקערן קיין רוסלאַנד. לאַ־ריסאַ האָט זיך געפונען אין פעטערבורג. ביז דאַן האָט איר וועג געפירט גלייך צו רעוואָלוציע. דאָ ווייכט זי אַ ביסל אָפּ און אַ וואונדער, וואָס זי איז אין אַלגעמיין נישט אַראָפּ פון איר אייגנטלעכן לעבנס־וועג.

איר פאָטער, פּראָפעסאָר פון מלוכה־רעכט, דער מאַרק־סיסט, טרעט אַרויס אין קאַמף מיטן ליבעראַלן קערפערשאַפט פּראָפעסאָרן פונם פעטערבורגער אוניווערסיטעט. די גרויסע וועלט פון וויסנשאַפט — איז אַ גאַנץ קליין וועלטל פון גע־לערנטע. און ס׳איז נישטאָ אַזאַ שמוץ, קליינלעכקייט און נידערטרעכטיקייט, וואָס די גרויסע געלערנטע וואָלטן

ייי נישט אויסגענוצט אינם קאַמף מיט זייערע קעגנער. דעם סאָציאַליסט האָט מען גענומען חושד זיין — אין וואָס קאָן פאַרדעכטיקן אַ סאָציאַליסט? — אין געהיימע באַציאונגען מיט דער רעאַקציע. די אַלטע גבאיטע בורצעוו האָט זיך אַריינגעמישט אין די דאָזיקע פּליאָטקעס, האָבנדיק דערביי פּריוואַטע חשבונות. יאָרן גאַנצע האָט פּראָפעסאָר רייסנער געקעמפט פאַר זיין פּאָליטישן כבוד קעגן דעם „גרויסן קרו־מען" פון פער גינט *), קעגן רכילות, רעדערייען, שושקעריי־ען, קעגן חשדים, פאַר וועלכע מ'קאָן נישט רופן צו פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט. רייסנער האָט זיך אָפּגערוקט פון פּאָליטישן לעבן. אין שטוב האָט געהערשט דחקות, זאָרג, און ענדלעך—פאַרביטערונג און האָפענונגסלאָזיקייט. דאָס קליינע מיידעלע, וואָס איז צוגעבונדן געווען צו די עלטערן מיט ענגע לי־בע־קנופּן, האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס דאָס עלטערן־הויז פוסטעוועט. פאַרוואָס הערט זיך אַלץ זעלטע־נער דעם פאָטערס קול, פאַרוואָס שעהן גאַנצע הערט נישט אויף דער אָפּקלאַנג פון זיינע טריט. אָט די זכרונות האָבן אין איר נשמה איבערגעלאָזט אַ טיפן שפור, אָבער כאָטש זיי האָבן זי אָפּגעצוימט פון די רעוואָלוציאָנערע קרייזן, האָבן זיי נישט באַוויזן אָפּצורייסן זי פון די פּראָב־לעמען פון סאָציאַליזם.

נאָך אין דער שול, וואָס איז פאַר דעם פּעאיקן לע־בעדיקן מיידל געווען אַן אָפּקומעניש, שרייבט זי אָן אַ דראַ־מע „אַטלאַנטידע", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1913 אין פאַרלאַג „שיפּאָווניק" (דער דאָרן). שוין די דאָזיקע דראַמע, וואָס האָט אַן אומבאַהערשטע פאָרם, ווייזט אָן דעם געדאַנ־

*) אַ נאָמען פון איבסענס אַ דראַמע — איבערז.

קען-גאַנג פון לאַריסאַן. אין דער דראַמע שטעלט זי פאַר אַ מענטש, וועלכער וויל מיט זיין טויט אָפּראַטעווען די וועלט פון אונטערגאַנג. אַ קינדערישע דראַמע! „אַ מענטש" וועט קיינמאָל נישט קאָנען מציל זיין די וועלט פון אונ- טערגאַנג. אָבער דאָס מיידל, וואָס האָט די דאָזיקע דראַמע אָנגעשריבן, זיצנדיק לאַנגע נעכט אויפן בעט, האָט געטראַכט וועגן דער מענטשהייט און אירע ליידן.

אַלס מאַטעריאַל פאַר אָט דער ערשטער שאַפונג האָט געדינט פעלמאַנס בוך „געשיכטע פון אַלטערטימלעכן סאָציאַליזם און קאָמוניזם". דאָס איז נאָך אינטערעסאַנטער דערמיט, וואָס לאַריסאַ איז גראָד אין יענער צייט געווען אונטער דעם דירעקטן איינפלוס פון לעאָניד אַנדרייעוו. אָט דער גרויסער שרייבער-אינדיווידואַליסט איז געווען איר לערער נישט בלויז אויפן געביט פון ליטעראַטור, נאָר ער האָט אויך משפיע געווען אויף איר גייסטיקער אַנטוויקלונג. ער האָט אָבער נישט באַוויזן זי אַראָפּצופירן פונם אויסגעוויילטן וועג. נישט ער, נישט די פּאָעטן פונם קרייז „אַקמעאיסטן" — ווי גומי- לעוו — וועלכער האָט אויף איר געהאַט אַ השפּעה אין דער הינזיכט פון פאָרם.

אין 1914, ווען די אַלע פּאָעטן זענען געוואָרן די באַזינגער פון דער אימפּעריאַליסטישער שחיטה, שטעלט זי זיך, אַזוי גוט ווי איר פּאָעטער, אָן שום וואַקלעניש, פעסט, אויף דער זייט פונם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

זיי פאַרמשפּונען דאָס לעצטע, וואָס זיי האָבן נאָך, כדי צו שאַפן זיך די מיטלען צום אַרויסגעבן די צייטשריפט „רודין", אָנצוהויבן אַ קאַמף מיט די פאַררעטער פון אינ- טערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. בלויז מיט דער פּאָליטישער פאַראייניקמקייט פון דער רייסנער-משפּחה, וועגן וואָס די אָכ-

ראַנע האָט גאַנץ גוט געוואוסט, קאָן מען דערקלערן, פאַר־וואָס אָט די צייטונג האָט געקאָנט דערשיינען, ווען נישט־וואָלטן געווען גענוג די אומברחמנותדיק בייזווילִיקע קאַרי־קאַטורן פון פּלעכאַנאָוו, בורצעוו און סטרוּווע, אַז מען זאָל זי פאַרמאַכן. דעם קאַמף מיט דער צענזור און מיט די מאַטעריעלע שוועריקייטן האָט געפירט די צוואַנציק־יעריקע לאַריסאַ און זי האָט עס דערהאַלטן אין דער צייטונג דעם אידעאישן קאַמף מיט פּרעכטיק אויסגעצייטעלירטע לידער און שאַרפע, סאַרקאַסטישע באַאָבאַכטונגען. אָבער אָט די מלחמה האָט זיך אַמאָל געמוזט ענדיקן. אַזוי ווי יעדע מלחמה האָט זי געפאָדערט געלט, און קיין געלט איז נישט געווען. ווען ס'איז שוין מער נישט געווען וואָס צו פאַרזעצן, איז די צייטונג אָפּגעשטאָרבן. לאַריסאַ הויבט אָן איר מיטאַרבעט אין „ליעטאָפּיס", דער איינציקער לעגאַלער אינטערנאַציאָנאַ־לער צייטונג, וואָס האָט דאַן עקזיסטירט.

---

באַלד פון דער רעשטער מינוט פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע טרעט לאַריסאַ צו צו דער אַרבעט אין די אַר־בעטער־קלובן. אַ חוץ דעם שרייבט זי אין גאָרקיס צייטונג „נאָוואַיאַ זשיזן" (דאָס נייע לעבן), וואָס האָט נישט געהאַט דעם מוט אַרויסצוזוקן די לאָזונג פון ראַטן־מאַכט, נאָר גע־פירט אַ קאַמף קעגן בונד מיט דער בורזשואַזיע. לאַריסאַס פאַמפלעט קעגן קערענסקין ווייזט אָן, אַז מיט איר סובטע־לער, אַרטיסטישער אינטואיציע האָט זי באַלד פאַרשטאַנען די צעפוילטקייט און די אינערלעכע ליידיקייט פון קערענ־סקיס רעגירונג. זייער אינטערעסאַנט זענען די סקיצן און בילדער, אין וועלכע זי שילדערט דאָס לעבן פון די אַר־

בעטער-קלובן און טעאַטערן אין די פּאַר־אָקטאָבער־טעג. פון די דאָזיקע סקיצן שלאָגט אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דער שטרעבונג פון די אַרבעטער-מאַסן צו שעפערישקייט. אין דעם, וואָס פאַר דער אינטעליגענטישער גאווה איז עס געווען אַ קוואַל פון חוזקדיקן שמייכל; אין די אומבאַהאָלפענע אָנשטרענגונגען פון די אַרבעטער און פויערן צו שאַפן אויף דער סצענע די אָפּשפּיגלונג פונם לעבן — האָט זי געזען אַ באַווייז פון שעפערישע אָנשטרענגונגען פונם נייעם קלאַס, פון נייע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, וואָס לעכצן נישט בלויז דורכצולעבן דיווירקלעכקייט, נאָר אויך זי קאָנקרעטיזירן און אָפּשפּיגלען זי. איר טיף-שעפערישע נאַטור האָט אַרויסגעפילט דעם שעפערישן דראַנג פון דער רעוואָלוציע און לאַריסאַ האָט געפאָלגט איר רוף.

במשך פון די ערשטע חדשים נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע האָט לאַריסאַ געאַרבעט ביים אָננעמען און קאַטאַלאָגירן ווערטפולע אַרטיסטישע, מוזעאַלע חפצים. אַלס אויסגעצייכנטע קונסט־קענערין האָט זי געהאָלפן אָפּראַטעווען און באַהאַלטן פאַרן פּראָלעטאַריאַט אַ סך פון דער ירושה פון דער בורזשואַזער קולטור.

אָבער אָט הויבן זיך אָן די ערשטע קאַמפן מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציע. מ'האָט געמוזט פריער אויסקעמפן, דעראָבערן דאָס אייגענע לעבן, דאָס אייגענע רעכט אויף עקזיסטענץ, כדי מ'זאָל קאָנען לייגן דעם פונדאַמענט צו דער ווייטערער שאַפונג פון דער רעוואָלוציע. לאַריסאַ טרעט אַריין אין דער פאַרטיי און פאָרט אַרויס אויפן טשעכאָסלאָוואַקישן פראָנט. זי קאָן נישט זיין בלויז אַ צושויער אינם קאַמף פון דער אַלטער וועלט מיט דער נייער. זי אַרבעט אין סוויאַזשסק,

וואו עס שמידט זיך אויס, אין די קאַמפּן מיט די טשעכאָסלאָוואַקן, די רויטע אַרמיי. זי נעמט אָנטייל אין די שלאַכטן פון אונזער פלאָט אויף דער וואָלגע. אָבער וועגן דעם דערציילט זי נישט אין איר בוך „כראָניק". *) זי דערציילט בלויז וועגן קאַמף פון דער רויטער אַרמיי און מיידט באַשיידן אויס איר אָנטייל. זאַל־זשע וועגן איר דערציילן אַן אַנדערער אָנטיילנעמער אין די קאַמפּן א. קרעמלעוו, לאַריסאַס חבר. אין דער „קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ", דער אָרגאַן פון קריגס־ראַט, שרייבט ער אין שייכות מיט איר טויט:

„הינטער קאַזאַן. די ווייסע גייען מיט דער גאַנצער פּאַרע. מיר ווערן געוואָר, אַז הינטער אונז איז טורלאַמאַ—די ווייסע האָבן זיך דורכגעריסן, פאַרניכטעט די שוץ, אויפגעריסן אין דער לופטן 18 וואַגאָנען קוילן. אונזער אָפּשניט איז איבערגעהאַקט אין צווייען. דער שטאַב איז דאָ, אָבער וואָס איז געשען מיט יענע, וואָס זענען געוואָרן אָפּגעשניטן?

אַ באַפעל: דורכרייסן זיך, געוואָר ווערן און קאָמוניקירן זיך מיט די אָפּגעשניטענע.

עס גייט לאַריסאַ, נעמט מיט יואַניושקאַ ריבאַקאָוון און נאָך עמעצן, איך געדענק נישט וועמען, און זיי גייען זאַלבעדריט.

נאַכט, אַ קאַלטער שוידער, איינזאַמקייט. אָבער לאַריסאַ גייט אַזוי זיכער אויף אַן אומבאַקאַנטן וועג!...

ביים דאָרף קוראַטשקי אָ האָט עמעצער באַמערקט:

— מען שיסט, מ'שיכט פון אַלע זייטן, ס'איז שווער צו קריכן!

נאָר לאַריסאַ האָט זיך געוויצלט און דער אונטערגעדריקטער ציטער האָט איר שטימע געמאַכט אַ סאַמעטענע.

*) פּאַרטײַ אַ ייד. איבערזעצונג א. ג. „די פרוי אויף די באַריקאַדן".

מיר זענען אַרויסגעשפּרונגען פון דער שיס-ליניע — מיר זענען אַ־ויסגעקומען!

— איר זענט מיד געוואָרן, ברידער?... וואַנקאַ? און דו?

אין יענעם מאָמענט איז זי געווען אומדערגרייכבאַר גרויס אין איר זאָרגעוודיקייט. ס'האָט זיך געוואָלט קושן די פון שטויב שוואַרצע הענט פון דער וואונדערבאַ־ער פרוי.

זי איז געגאַנגען שנעל, מיט גרויסע טריט — מ'האָט כמעט באַדאַרפט איר נאָכלויפן, מ'זאָל זיך מיט איר אויס־גלייכן...

און פאַרטאָג אינם לאַגער פון די ווייסע. חורבות מתים — טורלאַמאַ. פונדאַנען זענען מיר פאַלגדיק פון די כוחות אַוועק קיין שיכלאַני, וואו ס'איז געשטאַנען אַ רויטער לעטישער פולק.

דער פראָנט איז געוואָרן פאַרבונדן. און די דאָזי־ע פרוי מיטן דעליקאַטן שמייכעלע איז דער קנופּ פון אונזער פראָנט.

— חברים, פאַרנעמט אייך מיט מיינע ברידערלעך... און איך? ניין, איך בין נישט מיד!

...און דערנאָך: אויסשפּירן הינטער אַנדערע ערטער. פערד-לויפן צו אַכציק וויאָרסט נישט מיד ווערנדיק.

גאַנץ ווייניק נחת האָט מען יענע טעג געהאַט. און נאָר ביי לאַריסאַ מיכאַילאָוונאַ איז בעת יענע שווערע מאַרשן דער שמייכל פון די ליפּן נישט אַראָפּ.

און דערנאָך — ענזעלי, באַקו, מאָסקווע!

געשטאָרבן איז נישט לאַריסאַ רייסנער, נאָר אַ פרוי פון דער באַריקאַדע.

אָט וואָס עס דערמאָנט אַ מאַטראָס פונם דעסאַנט..."

די מאַטראָסן האָבן זי בּרידערלעך ג״ש ליב געהאַט, ווייל די העלדישקייט האָט זיך בּיי איר צונויפגעהאָפטן מיט פּשוטקייט און מענטשלעכקייט. אין דער בּאַציאונג צו איר מצד דער מאַסע איז קיין שום פאַלשקייט נישט געווען, ס'איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז אויפן פראָנט איז זי נישט בּלויז אַ געווער-חבר, נאָר אויך די פרוי פונם פלאָט-קאָמאַנדיר — ווארום 1918 האָט זי חתונה געהאַט מיט ראַס-קאָלניקאָוון. דאָסגלייכן האָט זי אין 1919 אויף דער שטעלע פון קאָמיסאַר פון ים-פלאָט אין מאָסקווע בּאַוויזן אָנצוקניפּן די בּעסטע חברישע בּאַציאונגען מיט די פלאָט-ספּעציאַליסטן — מיט די אַדמיראַלן אַלטפּאַטער און בּערענס. איר קולטור, סובּטעלקייט און טאַקטישקייט האָבן דערלויבּט די אַדמיראַלן פון קייזערלעכן פלאָט גאָרנישט צו שפּירן, אַז זיי זענען אונטער דער קאָנטראָל פון אַ פרעמדן מענטש.

אין 1920 פאָרט זי אַרויס קיין אַפגאַניסטאַן, וואו מ'האָט איר מאַן בּאַשטימט אַלס פּאָליטישער פאָרשטייער. צוויי יאָר האָט זי פאַרבּראַכט אויפן הויף פון אָריענטאַלישן דעספּאָט, צוליב גויטווענדיקייט גענומען אָנטייל אין די פּרעכטיקע דיפּלאָ-מאַטישע פייערונגען, געפירט אַ דיפּלאָמאַטישן שפּיל אינם קאַמף וועגן איינפלוס אויפן עמירס פרוי. אַ „גלענצנ-דע״ און בּרודיקע אַרבּעט, בּיי וועלכער אַ יונגע פרוי, וואָס איז אָפּגעשניטן פונם פּראָלעטאַריאַט, האָט געקאָנט לייכט זיך אָפּרייסן פון דער רעוואָלוציע! לאַריסאַ רייסנער לייענט ערנסטע מאַרקסיסטישע ליטעראַטור. זי שטודירט דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, געשיכטע פון מזרח, געשיכטע פון די פרייהייטס-קאַמפן אינם שכנותדיקן אינדיע. דאָרט, אין די אַפגאַניסטאַנער בּערג, פילט זי זיך אַלס טייל־עכל פון דער וועלט-רעוואָלוציע און גרייט זיך צום קאַמף. איר בּוך א. נ.;

„אַפגאַניסטאַן" באַוויזט, ווי ווייט עס ברייטערט זיך אויס איר האָריזאָנט, ווי פון אַ רוסישע רעוואָלוציאָנערין ווערט זי אַ קעמפערין פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פראָלעטאַרישער אַרמיי.

אין 1923 קומט זי צוריק קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָס לאַנד פון אַרבעטער און פויערן האָט איצט גאָר אַן אַנדער אויסזען, ווי דאַן, ווען זי האָט עס פאַרלאָזט. דער ספּאַר־טאַניש־שטרענגער קריגס־קאָמוניזם, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ דירעקטער שפּרונג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, האָט אָפּגעטרעטן זיין אָרט דעם נעפּ. לאַריסאַ האָט צוגלייך מיט אונז אַלע פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פונם דאָזיקן שריט. מ׳האָט געדאַרפט געבן פרייהייט דער ווירטשאַפטלעכער איניציאַטיוו פונם פויערטום נישט בלויז דערפאַר, כדי צו קריגן דעם רוי־שטאָף פאַר דער אינדוסטריע, נאָר פשוט דערפאַר, כדי מ׳זאָל נישט אויסגיין פאַר הונגער. לאַריסאַ האָט עס באַנומען מיטן שכל. אָבער צי קאָן מען אויפן דאָזיקן וועג אַריבערגיין צום סאָציאַליזם? די ענטפערן, וואָס זי האָט באַקומען אין דער פאַרטיי און פון זיך גופא, האָבן נישט געקאָנט באַרואיקן איר אינערלעכע אומרואיקייט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז מ׳קאָן שוין מער נ־שט פאַרציען דעם רעזשים פון מיליטערישן קאָמוניזם. אָבער טיף אין דער נשמה האָט זי באַווײנט דעם העראָאישן פּרווו פון דערשלאָגן זיך מיט געווער אין די הענט צו אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדע־נונג. אמת, די גאַסן פון אונזערע שטעט האָבן אויפגעלעבט. די לאַסט אויטאָס זענען אָנגעלאָדן מיט סחורות, די געוועלבער זענען אָפן, די פאַבריק־סירענעס רופן צו אַר־בעט – אָבער אפשר צעוואַקסן זיך נישט בלויז מיר, אפשר וואַקסן אויך די בורזשואַזע עלעמענטן? צי וועלן מיר קאָ־

נען מיט זיי זיך אַן עצה געבן? צי הויבן אונזערע רייען נישט אָן צו צעפאַלן? צי וועלן נישט אונזערע עקאָנאָמיסטן, וואָס זענען געצוואונגען צו באַטייליקן זיך אין האַנדל, זיין אָנשטעקן מיטן גיפט פון דער בורזשואַזער מאָראַל? צי וועט דאָס פוילעניש אויך אַרומנעמען דעם אָרגאַניזם פון דער פּאַרטיי? דעם גאַנצן זומער 1923 איז לאַריסאַ אומרו-איק און קוקט זיך אַרום מיט אינערלעכן ציטער.

אין סעפּטעמבער מעלדעט זי זיך צו מיר און בעט מיך, איך זאָל איר דערמעגלעכן אַרויסצופאָרן קיין דייטש-לאַנד. געווען איז עס נאָך די מאַסן-שטרייקן קעגן קונאָס רעגירונג, ווען די דייטשע פּראָלעטאַרישע מאַסן האָבן ווידער געפּרוווט אַראָפּוואַרפן די פּענטעס. פּואַנקאַרע האָט באַזעצט דאָס רור-געביט, דער מאַרק איז געפאַלן מיט קאַרקבּרעכע-רישער געשווינדיקייט און דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט האָט וואַכזאַם נאָכגעפאָלגט די סיטואַציע אין דייטשלאַנד. לאַריסאַן האָט געצויגן אַהין. ס'האָט זי געלאָקט דער קאַמף אין די רייען פון דייטשן פּראָלעטאַריאַט און דאָס דערנענטערן אָט דעם קאַמף צום באַוואוסטזיין פון די רוסישע אַרבעטער. איר פאָרשלאַג האָט מיך זייער דערפרייט. אויב די דייטשע אַרבעטער קאָנען זיך נישט גענוי פאָרשטעלן דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין רוסלאַנד, איז אויך די רוסישע אַרבעטער שטעלן זיך פאָר דעם קאַמף פונם דייטשן פּראָלעטאַריאַט אַ ביסל צו איינפאַך און סכעמאַטיש. כ'בין געווען זיכער, אַז לאַריסאַ וועט לייכטער ווי עמעץ אַנדערש קאָנען אָנקניפּן אַ פאַרבינדונג צווישן אָט די צוויי אַרמייען פון פּראָלעטאַר-יאַט. ווארום געווען איז זי נישט אַן אַרטיסט-אָבסערוואַטאָר, נאָר אַן אַרטיסט-קעמפער, וועלכער זעט דעם קאַמף פון אי-נעווייניק און קען אָפּשפּיגלען זיין דינאַמיק — דינאַמיק פון מענטש-

לעכן גורל. אָבער גלייכצייטיק האָב איך באַגריפן, אַז איר אַרויספאָר קיין דייטשלאַנד איז אַן אַנטלויפן פון די אומבאַשיידבאַרע ספקות.

לאַריסאַ איז אָנגעקומען קיין דרעזדען דעם 21־טן אָק־טאָבער 1923, פונקט ווען דאָס מיליטער פון גענעראַל מי־לער האָט פאַרנומען די רעזידענץ פונם רויטן זאַקסן. אַ״ס זעלנער האָט זי פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פון ריק־צוג. אָבער ווען ס׳איז אין עטלעכע טעג אַרום אָנגעקומען אַ ידיעה פון האַמבורג וועגן אַן אויפשטאַנד, האָט זי אויפגעלעבט. זי האָט געלעכצט תיכּף אַרויסצופאָרן קיין האַמבורג און געבייזערט זיך, וואָס זי מוז בלייבן אין בער־לין. גאַנצע טעג איז זי אָפּגעשטאַנען פאַר די געוועלבער צוזאַמען מיטן עולם אַרבעטסלאָזע און הונגעריקע, וואָס האָבן זיך באַמיט פאַר מיליאָנען מאַרק צו קויפן אַ שטיקל ברויט, אָפּגעזעסן אין די שפּיטעלער, וואָס זענען פול געווען מיט אינגאַנצן אויסגעשעפּטע אַרבעטערינס, וועלכע פּייניקן זיך מיט ביטערע געדאַנקען און זאָרג. איך האָב זיך דאַן פאַר־האַלטן קאָנספּיראַטיוו, געטראָפן זיך אויסשליסלעך מיט די פּאַרטיי־פירער, וועלכע האָבן אַליין נישט געהאַט די מעגלעכ־קייט פון אַ דירעקטער באַרירונג מיט די מאַסן. דערפאַר האָט לאַריסאַ געלעבט מיטן לעבן פון אָט די מאַסן, אין שמועס מיט די אַרבעטלאָזע אין טירגאַרטען, דעם 9־טן נאָ־ועמבער אויף דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טרויער־מעסע נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע, אויף אַ זילבערנער חתונה אין אַ קאָמוניסטישער סביבה — אומעטום האָט זי געפונען דעם וועג צו מענטשנס הערצער, אומעטום האָט זי געקענט אויפכאַפּן אַ שטיק פון זייער לעבן. זי האָט געלעבט צווישן די אַרבעטער־מאַסן פון בערלין, וואָס זענען איר געווען אַזוי

נאָנט, ווי די פּראָלעטאַריער פון פּעטערבורג, ווי די מאַט־ראָסן פון באַלטישן פלאָט. זי איז צוריקגעקומען אַ שטאָלצע פון דער דעמאָנסטראַציע אין לוסטגאַרטן, וואו דער בערלי־נער פּראָלעטאַריאַט האָט, דעם גענעראַל זעקט מיט זיינע גע־דונגענע זעלנער באַשיינפּערלעך געוויזן, אַז די „פאַרבאָטענע" קאָמוניסטישע פּאַרטיי עקזיסטירט.

ענדלעך האָט לאַריסאַ באַקומען די מעגלעכקייט אַוועק־צופאָרן קיין האַמבורג, כדי צו באַשרייבן און פאַרדאָקומענ־טירן פאַרן דייטשן און אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט דעם קאַמף פון די האַמבורגער אַרבעטער.

„נאָך דעם אַלעם עקלהאַפטן און פוילנדיקן, וואָס דאָ איז, באַגעגנט מען דאָ עפּעס האַרטס, שטאַרקס און לעבע־דיקס — האָט זי געשריבן באַלד נאָכן אָנקומען קיין האַמ־בורג — אין אָנפאַנג איז שווער געווען צו באַקעמפן זייער אומצוטרוי און פאַראורטייל. אָבער ווי נאָר די אַרבעטער פון האַמבורג האָבן אין מיר דערזען אַ חבר — האָב איך שוין געקאָנט אַלץ דערקענען, אַלע זייערע גרויסע, פּשוטע און טראַגישע איבערלעבונגען."

לאַריסאַ האָט געלעבט צווישן די פאַרלאָזענע ווייבער פון די האַמבורגער פרייהייטס־קעמפער, אויפגעזוכט די אַנטלאָ־פענע אין זייערע באַהעלטענישן, געגאַנגען אויף געריכטס־פאַרהאַנדלונגען, אויף סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרזאַמלונגען. און ביינאַכט האָט זי געלייענט לויפּענבערגן, דעם היס־טאָריקער פון האַמבורג און האַמבורגער באַוועגונג. גאַנצע שטויסן מאַטעריאַל, וואָס זי האָט אָנגעזאַמלט במשך פון יענע וואָכן, ליגן פאַר מיר איצט. זיי ווייזן, ווי אַזוי זי האָט געאַרבעט — מיט טיפער פאַרשטענדעניש און אחריות, מיט געפיל פון אַ מענטש, ביי וועמען דער מינדעסטער עפּיזאָד

פון אָט דעם קאַמף קלינגט ווי דער „שיר השירים" פון דער מענטשהייט. שוין אין מאָסקווע פלעגט זי אָפּזיצן גאַנצע שעהן מיט אַ געוויסן חבר, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַן אויפשטאַנד און געמוזט דערנאָך אַנטלויפן. מיט אים האָט זי דאָס קאָנטראָלירט אָט דאָס גאַנצע מאַטעריאַל, בריוולעך זיך פאַרשטענדיקט מיט חברים, ווען ס'זענען געווען וועלכע ספקות בנוגע איינצלנע פאַקטן. דאָס קליינע ביכעלע „האַמבורג אויף די באַריקאַדן" האָט אָנגעשריבן נישט אַן ענטוזיאַסטישער קינסטלער, נאָר אַ קעמפער פאַר קעמפערס. דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט האָט אָפּגעהאַלטן מיט זיינע שונאים הונדערטער קאַמפן, שלאַכטן און צוזאַמענשטויסן. אָבער קיינער פון זיי איז נישט באַשריבן מיט אַזאַ ליבע און דרך־ארץ, ווי אָט דער קאַמף פון די האַמבורגער פּראָלעטאַריער. לאַריסאַ רייסנער האָט רייך באַשאָנקען יענע, וועלכע זי האָט געליבט, און דער געערטער רייכס־טריבונאַל האָט קיין טעות נישט געהאַט, ווען ער האָט געהייסן אָט דאָס דיניטשקע ביכעלע פון דער רוסישער קאָמוניסטקע אַריינוואַרפן אין פייער.

לאַריסאַ רייסנער איז צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד, די מפלה האָט זי נישט צעבראָכן. זי האָט שוין געהאַט געזען, אַז מפלות האָבן דערצויגן שטאַרקע מענטשן אויף צוקונפטיקע שלאַכטן. אָבער גלייכצייטיק האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אויפן גיכן נצחון פון דער רעוואָלוציע אין איראָפּע איז נישטאָ וואָס צו האָפן.

נאָכן צוריקקער קיין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט זי געמוזט זיך אָריענטירן אין זיך גופא, אָריענטירן זיך אין דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אונטן, אין די מאַסן, וועלכע דיקטירן דעם לויף פון דער געשיכטע. נאָר אַזוי ווי לאַריסאַ איז

נעווען אַ מענטש, וואָס באַנעמט די ווירקלעכקייט אוממיטל־
באַר, האָט זי זיך נישט געקאָנט שאַפן קיין קלאָר בילד
דורך לייענען און דיסקוטירן. זי פאָרט דעריבער אַוועק אין
די בערג־אינדוסטריעלע־ און קוילן־געביטן פון אוראַל און
דאָניעצקער ראַיאָן. פאָרט אַרויס אין טעקסטיל־געביט איוואַ־
נאָווא־וואָזניעסענסק, פאָרט אין קליינבירגערלעכן ווייסרוס־
לאַנד. גאַנצע טעג פאַרברענגט זי אין וואַגאָן, אויף דער
פור, אָדער רייטנדיק. זי וואוינט שוין ווידער ביי די אַר־
בעטער־פאַמיליעס, פאָרט אַראָפּ אין די קוילן־גרובן, נעמט אָנ־
טייל אין די זיצונגען פון דער פאַבריקס־אַדמיניסטראַציע,
פון קאָמ־טעטן, פראָפ.־פאַריינען, פירט געשפּרעכן מיט פויערן,
יעדן טאָג, יעדע שעה, געפינט זי וואָס אַמאָל קלאָרער דעם
וועג אין דער פינסטערניש, האָרכנדיק זיך אויפמערקזאַם
איין אין לעבן. דאָס בוך אירס „קוילן, אייזן און לעבעדיקע
מענטשן" איז די פרוכט פון אָט דער אַרבעט — און גע־
ווען איז עס אַ שווערע אַרבעט מאָראַליש און פיזיש, אַן אַר־
בעט, וואָס בלויז ווינציקע שרייבער וואָלטן זיך אונ־
טערגענומען. און דאָך אַנטהאַלט דאָס בוך בלויז אַ מינדעסטן
טייל דערפון, וואָס לאַריסאַ האָט דורכגעלעבט, דורכגעטראַכט
און אַרויסגעפילט.

אין אַרטיסטישער און אידעאָלאָגישער הינזיכט הויבט
דאָס דאָזיקע בוך אָן אַ נייע תקופה אין לאַריסאַ רייס־
נערס שאַפן. אינם דאָזיקן בוך האָט זי זיך אַלס קאָמוניסט־
קע געשטעלט אויף אַ פעסטן אידעאָלאָגישן גרונט און אַלס
שרייבערין האָט זי געפונען איר סטיל. די ספקות פאַר־
שווינדן. זי זעט, ווי די אַרבעטער־מאַסן פירן דאָס אויפבוי־
ווערק. זיי בויען דעם סאָציאַליזם, באַגיסנדיק זיך טיילמאָל
מיט שווייס ביי די הוטע־אויוונס, טיילמאָל אַראָפּפאָרנדיק

האַלב נאַקעט אין די קוילן־גרובן, אָבער אין בעסערן טייל
זענען אַלע טיף איבערצייגט, אַז אָט די ליידן, אָט די
שווערע מי — דאָס אַלץ איז אין נאָמען פון סאָציאַליזם.
אינם אומגעשליפענעם, אומגעראָטענעם ווירטשאַפטלעכן טוער
דערקענט זי איר אַלטן חבר פון פראָנט, וועלכער מוז אויך
דאָ מיט דער אייזערנער דלאָניע צונויפציען די לייצן און
גלייכצייטיק אויפמערקזאַם איינהערן זיך אין דער שטים פון
די מאַסן, כדי צו דערכאַפּן אַלע וועגן און מעגלעכקייטן.
לאַריסאַ זעט די געוואַלדיקע קרעפטן, וואָס די רעוואָלוציע
האָט דערוועקט ביי די נידעריקע שיכטן פון פאָלק. און
דאָס פאַרפעסטיקט אין איר דעם גלויבן, אַז מיר וועלן
קאָנען בייקומען אַלע שוועריקייטן, וואָס זענען פאַרבונדן
מיט דער אויפלעבונג פון קאַפּיטאַליסטישע טענדענצן. זי
ווייסט, אַז דער קליינבירגערלעכער עלעמענט איז אַ זומפּ,
וואָס קאָן צודעקן די בעסטע באַוואָפענונג, אָבער זי
זעט אויך, וואָס פאַראַ וואונדערבאַרע בלומען עס בליען
אויף דעם דאָזיקן זומפּ. גלייכצייטיק זעט זי קלאָר דעם
וועג פון קאַמף מיט די סכנות, וואָס דראָען דער רעפּובליק
פון אַרבעט און די שוץ־ווענט, מיט וועלכע עס קאָן זיך
פאַרפעסטיקן דער פּראָלעטאַריאַט און די קאָמוניסטישע פּאַר־
טיי. און ווען זי האָט די פאַרשטענדעניש זיך דערוואָרבן,
ווען זי האָט דעצידירט, אַז איר אָרט איז אינם דאָזיקן
קאַמף, האָט זי גענומען שאַרפן איר שווערד. איר שווערד
איז געווען די פעדער. לאַריסאַ האָט פריער זיך ווײ־
ניק פאַרטראַכט, פאַר וועמען זי שרייבט. זי האָט אויסגע־
צייכנט געקענט די געשיכטע פון ליטעראַטור און קונסט.
און אין איר רייכן און ראַפינירטן סטיל האָט זיך אָפּגע־
שלאָגן נישט בלויז איר איינגעבוירענע באָאָבאַכטונגס־קראַפט,

נאָר אויך די פּילהונדערט־יעריקע קולטור, וואָס האָט אין איר געפונען אַזאַ פּרעכטיקן אויסדרוק. דער סטיל פון „פּראָנט“ און „אַפּגאַניסטאַן“ דערמאָנט אָן פון פּיליגראַן אויסגעאַר־בעטע שפּיצן. איצט וואַרפט זי שוין באַוואוסטזיניק אַוועק אָט די באַפּוצונגען, מאַכט די דעסנס פון אירע האַפטן איינפאַכער. זי באַמיט זיך נישט צו זיין „פּאָפּולער“ פאַרן אַרבעטער. זי וויל פאַרן פּראָלעטאַריאַט שאַפן פולווערטיקע קונסט־ווערק.

ענדע 1924 און 1925 אַרבעט לאַריסאַ זייער פיל. זי לייענט אַ מענגע ביכער אויפן געביט פון רוסישער און אַלוועלטלעכער עקאָנאָמיע. איך וויל דאָ גאָרנישט דערוויזן, אַז זי האָט ליב געהאַט ציפערן. נאָכן דורכשטודירן איין אָדער צוויי לאַנגווייליקע לערנביכער, האָט זי שטענדיק גע־בעטן, מ׳זאָל איר געבן עפּעס „באַטעמטס“ וועגן נאַפט אָדער ברויט און פלעגט זיך אויסרוען ביי דעלעזיס בוך וועגן נאַפט־טרעסט, אָדער ביי נאָריסעס עפּאָפּייע וועגן ווייץ. זי האָט צונעגרייט לעקציעס וועגן דער רעוואָלוציע פון 190־ פאַרן שול־קעמערל ביי דער פאַבריק פון כאַני־צער־אויטאָמאָבילן. ווען זי האָט געהאַט דורכשטודירט דעם קאָנקרעטן מאַטעריאַל, גייט זי צו צו לענינס אַרבעטן פון יענער תקופה (1904—1908). זי אַנטדעקט די גרויסקייט פון דער פשטות אין לענינס סטיל און געפינט דעם שליסל צום עסטעטישן פאַרשטיין זיינע ווערק. אויף אַזאַ אופן האָט איר שאַפן איינגעשלונגען אין זיך נייע עלע־מענטן.

עס איז געגוג דורכצולייענען די באַשרייבונג פון קרופּס און יונקערסעס וואַרשטאַטן אין איר „הינדענבורגס לאַנד“, אָדער אירע „דעקאַבריסטן“.

די ערשטע צוויי באַשרייבונגען זענען געהאַלטן אין טעכנישן סטיל. דאָס הייסט ניש, אַז זי באַלאַסטעט איר שפּראַך מיט טעכנישע טערמינען. נישט די עקאָנאָמישע פֿאַר-אינטערעסירונג האָט איר אויסגעלערנט טעכניש צו טראַכטן. זי קוקט אויף דער מאַשין, אויפֿן אינדוסטריע-בוי, נישט בלויז מיטן בליק, נאָר אויך מיטן געדאַנק.

אויפֿן סטיל פֿון די „דעקאַבריסטן" האָט אַ השפּעה די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו. אָבער אויך דאָ איז קיין נאָכ-אַמונג נישטאָ, נישטאָ אויך קיין סטיל-אַרכאַיזאַציע. זי זעט מענטשן אין דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו.

אָבער געשיכטע און עקאָנאָמיע זענען ביי איר נישט דער אויסשליסלעכער ציל אַן און פֿאַר זיך. זי פֿאָרשט נאָך די קאָנקרעטע מענטשלעכע באַציאונגען, ווי אַזוי דער מענטש האָט געלעבט און ווי אַזוי ער האָט געקעמפֿט ביי די געגעבענע באַדינגונגען. נעבן די אומגעהויערע וואַר-שטאַטן פֿון קרופּן, צייכנט לאַריסאַ דעם דלותדיקן אַרבע-טער-באַראַק. פֿון דעקאַבריסט קאַכאָווסקי שלעפּט זי אַרויס דעם „באַליידיקטן און באַפֿוולהטן" מענטש און צייכנט אויף אַן אומפֿאַרגעסלעכן סילועט פֿון אַ מאָנאַך אַ דייטש, וואָס טראַכט אויס פֿאַרן קייסערס וועגן אַן אידעאַלע ביוראָ-קראַטיע און ענדיקט זיין לעבן אין די סיבירער שנייען, אַן אויסגעלאַכטער און פֿאַרגעסענער. לאַריסאַ ווייזט אונז אָן דאָס אָרעמע געווימל, וואָס ווערט צעטרעטן דורכן ריז פֿון דער טעכניק, אָדער דורכן ראָד פֿון דער געשיכטע.

אַ רייפֿע אַלס קינסטלערין און רעוואָלוציאָנערין נעמט לאַריסאַ רייסנער זיך צוגרייטן צו אַ נייער אַרבעט. זי פּלאַנט אָנצושרייבן אַ פּריבאָט־ייק (דריי-בילד) סונם לעבן פֿון די אוראַלער אַרבעטער. דער ערשטער טייל – אַ פֿאַבריק

מיט לייב־אייגענע פון דער תקופה פון פוגאַטשאָווס בונטן; דער צווייטער טייל — דאָס אויסנוצן דעם אַרבעטער אין די צייטן פון צאַריזם; דער דריטער — דער בוי פון סאָציאַליזם. גלייכצייטיק האָט זי פאַרטראַכט אַ גאַלעריע פאָרטרעטן פון די פאָרגענגער פונם סאָציאַליזם: נישט בלויז די פאָרטרעטן פון טאָמאַס מאָרוס, מינצער, באַבעף, בלאַנקי, נאָר אויך די אומאָנזעעוודיקע העלדן פון פראָלעטאַריאַט, איינשליסנדיק דאָ דעם טיטאַנישן קאַמף פון אונזערע צייטן. מאָמענטנווייז פלעגט איר די אויפגאַבע, וואָס זי האָט זיך געשטעלט, אָניאָגן אַ פחד. זי איז אין אַלגעמיין געווען אַ באַשיידענע און פלעגט אָפט ספקן אין דער קראַפט פון איר טאַלענט. אָבער זי וואָלט אָן ספק איר אויפגאַבע אויסגעפירט, ווייל אירע כוחות זענען מיט יעדן טאָג געוואַקסן.

ס'איז איר אָבער נישט באַשערט געווען צו אַנטפלעקן די ווערטן, וואָס האָבן אין איר געדרימלט. געפאַלן איז זי נישט אינם קאַמף מיט דער בורזשואַזיע, נישט דאָן, ווען זי האָט אַזוי אָפט געקוקט דעם טויט אין די אויגן אַריין, נאָר אינם קאַמף מים דער נאַטור, וועלכע זי האָט אַזוי ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט. אַ שווער-קראַנקע, ביים לעצטן דורכבליק פון באַוואוסטזיין האָט זי זיך געפרייט מיט דער זון, וועמענס שטראַלן האָבן איר געשיקט געזעגענונגס-גרוסן. זי האָט גערעדט וועגן דעם, ווי גוט ס'וועט איר זיין אין קרים, וואוהין זי וועט פאָרן באַלד נאָכן געזונט ווערן און ווי אָנגענעם עס וועט זיין, ווען איר מידער געדאַנק וועט אָנשעפן נייע מחשבות. זי האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט קעמפן פאַרן לעבן ביזן סוף און אָפּגעזאָגט זיך פון קאַמף ערשט דאַן, ווען זי האָט ענדלעך פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין.

אַ רײַ אַרטיקלען און ביכער — אָט דאָס איז די גאַנצע ירושה פון לאַריסאַ רײסנער. אין צײַטונגען און צײַטשריפטן צעװאָרפענע אַרטיקלען — עטלעכע צענדליק בריװ, דאָס אַלץ דאַרף מען נאָך צונױפנעמען. אָבער לעבן װעלן זײ, כּל־זמן עס װעט לעבן די געדעכעניש פון דער ערשטער פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע. זײ װעלן מודיע זײַן, אַז אָט די רעװאָלוציע איז געװען פאַר אַלע פעלקער, פאַר מערב און מזרח, פאַר האַמבורג און אַפגאַניסטאַן, פאַר לע־נינגראַד און אוראַל. און די פרוי־ריטער, אין װעמענס מות און האַרץ האָט אַלץ געפונען אַן אָפּקלאַנג, װעט אפילו נאָכן טויט בלײַבן מיט אירע ביכער אַ לעבעדיקער עדות פון דער פּראָלעטאַרישער רעװאָלוציע.

# דזשערזשינסקי

די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פון פּוילן איז אַנטשטאַנען פון די גרויסע שטרייקן, וואָס האָבן אין די 90-ער יאָרן אַרומגעכאַפּט די פּוילישע אינדוסטריע-קרייזן און פון די דערפאַרונגען, וואָס האָבן זיך געשטיצט אויף דער ירידה פון דער האַלב-טעראָריסטישער, האַלב-פאַרשווערערישער ערשטער אין פּוילן סאָציאַליסטישער פאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט“. אַרויסשווימענדיק אין 1893 אינם קאַמף מיטן סאָציאַל-פּאַטריאָטישן שטראָם, האָט די פאַרטיי געליטן פון מאַסן-אַרעסטן און איז אינגאַנצן צעקלאַפּט געוואָרן. די לייכטקייט, מיט וועלכער דער צאַרישער פּאָליציי איז געלונגען זי צו צעקלאַפּן, דאַרף מען אין אַ גרויסער מאָס זען אין דעם, וואָס די דאָזיקע פאַרטיי האָט צווישן אירע מיטגלידער פאַרמאָגט אַ זייער קליינע צאָל אינטעליגענץ. דער מאַנגל פון אינטעליגענץ אין די רייען פון דער פאַרטיי דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס דער פּרצוף פון דער אינטעליגענץ איז געווען אַ נאַציאָנאַליסטישער און מיט דער אָפענער אַנטינאַציאָנאַליסטישער איינשטעלונג פון דער יונגער אַרבעטער-פאַרטיי, וועלכע האָט פון דער ערשטער מינוט פון איר עקזיסטענץ אַרויסגערוקט די לאָזונג פון אייניקייט פון קאַמף און צילן פונם פּוילישן און רוסישן פּראָלעטאַריאַט. דער אַרעסט פון ראַטינסקין, וועסאָלאָווסקין און אַנדערע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער, אין דער צייט ווען עס האָט געפעלט דער צופלוס פון נייע טוער פון צווישן דער אינטעליגענץ, האָט איבערגעריסן די נעץ פון

קאָנטאַקט, אָרגאַניזאַציע, קאָלפּאָרטאַזש א. אַז. וו. די אַרבע־טער־קרייזלעך זענען געווען צו ווייניק זעלבשטענדיק, מ׳זאָל זיי קאָנען לאָזן אין באַוועגונג. די ניצול־געוואָרענע אויס־לענדישע גרופּע גרינדער פון דער פּאַרטיי — יוליאַן מאַרכ־לעווסקי, ראָזע לוקסעמבורג, לעאָ יאָגישעס־טישקאָ און וואַרסקי — האָבן רעפּרעזענטירט אַ גרופּע אידעאָ־לאָגן, וואָס האָבן אויף אַ געוויסער צייט פאַרלוירן די פאַרבינדונג מיטן לאַנד. אָט די פאַרבינדונג האָט ווידער אויפגעשטעלט דער 23־יאָריקער יונגער רעוואָלוציאָנער פעליקס דזשער־זשינסקי, וועלכער איז אַנטלאָפן פון פאַרשיקונג נאָכן פּאָג־ראָם פון 1895–96. ערשט ביים אָנהויב פון 20־טן יאָרהונ־דערט בילדעט זיך אַ דאַנק זיינע אָנשטרענגונגען די מאַרק־סיסטישע, אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע. דזשערזשינסקי ווערט איר אויפבויער און איז איר נשמה במשך פון צען יאָר. מ׳קאָן זאָגן, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע, די פאָר־גענגערין פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַלס אַ מאַסן־פּאַרטיי, איז געווען אַ קינד פון די אומדערמידלעכע אָנשטרענגונגען פון דער אומענדלעכער אַרבעט פון פעליקס דזשער־זשינסקי. „יוזעף" — אונטערן דאָזיקן נאָמען האָבן אים געקענט די ברייטערע שיכטן פּוילישע אַרבעטער — איז געווען דער באַליבטסטער צווישן די פירער.

אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט פלאַמענדיקע אויגן און ליידנשאַפטלעכער, מיטרייסנדיקער אויסשפּראַך — אַזוי האָב איך אים דערקענט אין הערבסט 1903, ווען ער איז אויף אַ געוויסער צייט געקומען צו פאָרן קיין קראָקע. אויסבאַ־האַלטנדיק זיך פאַר די צאַרישע שפּיאָנען און צוגרייטנדיק

טראַנספּאָרטן פון פּוילישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער ליטע־ראַטור, וואָס איז אַנטשטאַנען מייסטנס אַ דאַנק זיין איני־ציאַטיוו, האָט דזשערזשינסקי זיך דערוואָרבן ליבשאַפט און אַכטונג נישט בלויז מצד די אַלטע, נאָך אויך מצד דער יוגנט, וואָס טרעט ערשט אַריין אין דער באַוועגונג. ביי איר אין די אויגן האָט אים אַרומגערינגלט דער אָרעאָל פון תפיסה און פאַרשיקונג, דער אָרעאָל פון בעסטן פּאַר־טיי-אָרגאַניזאַטאָר. זיינע באַמערקונגען האָט אויפמערקזאַם אויסגע־האָרכט נישט בלויז ראָזע *), נאָר אויך דער שאַרסטקער טישקאַ, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע פּאַרטיי-דערפאַ־רונג, פאַראייניקט אין זיך אַ טיפע מאַרקסיסטישע אויסביל־דונג מיט גרויסער פּאָליטישער דורכדרינגלעכקייט. אין אַלע פּראַקטישע באַוועגונגס-פּראָבלעמען איז יוזעפס מיינונג גע־ווען כמעט די דעצידירנדע.

פונוואַנען האָט עס אָפּגעשטאַמט זיין אויטאָריטעט? פונוואַנען האָט געשטאַמט ער אַליין, אָט דער יונגער, שטרענגער פאַר זיך און פאַר אַנדערע, מיטרייסנדער און אַלעמען באַגייסטערנדער רעוואָלוציאָנער?

דזשערזשינסקי איז געבוירן געוואָרן אין דער ליטע אין אָשמיאַנער קרייז ביי אַ פּוילישן שליאַכטשיץ. אינם זעלבן קרייז, וואו עס איז מיט אַ פּאָר יאָר פריער געבוירן געוואָרן יוזעף פּילסודסקי. ליטע איז דאַן געווען אינגאַנצן דערשלאָגן מיט דער געדעכעניש פונם תלין מוראַוויעוו, פונם בלוטיקן באָד, וואָס דער צאַריזם האָט דאָרט דורכגע־פירט אין 1863. אין די פאַרמעגלעכע הייף האָט נאָך גע־לעבט דער געדאַנק וועגן יענע, וואָס דער צאַרישער סאָט־

*) לוקסעמבורג

ראַפּ האָט פאַרן אָנטייל אינם אויפשטאַנד פאַראורטיילט אויף טויט אָדער קאַטאָרגע. די אינטעליגענטישע יוגנט האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק פון קאַמף מיטן צאַריזם פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פונם פאָטערלאַנד. דער שטאַב פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געשאַפן אינם לעצטן יאָרצענדליק פונם 19 י״ה, איז באַשטאַנען מייסטנס פון יוגנט, וואָס שטאַמט אָפּ פון די פּוילישע מאַגנאַטן אויף די ראַנד-געביטן. איינער פון די ווייניקע, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונם נאַציאָנאַליסטישן דרך און מיט אַ האַרטן טריט אַריינגעטרעטן אין לאַגער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג, איז געווען דזשערזשינסקי.

דאָס לאָזט זיך אפשר דערקלערן דערמיט, וואָס ער האָט געשטאַמט פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק אָרעמער פאַמיליע, נעענטער צוגעקוקט זיך צום גורל פון דער ליטווישער פויערן-מאַסע, נעענטער אַריינגעבליקט אין לעבן פון די קליינשטעטלדיקע בעלי-מלאכות. ער האָט זיך געפילט פאַרבונדן מיט זיי מער, ווי מיט דער שליאַכטע און אירע אידעאַלן.

אין דער ליטע איז קיין פאַבריקס-פּראָלעטאַריאַט נישט געווען. ס׳זענען געווען יידישע און פּוילישע בעלי-מלאכות, צווישן וועלכע דזשערזשינסקי האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלס זעכצן-יאָריק יינגל. די נויטווענדיקייט צו אַרבעטן צווישן פּוילישע און יידישע געזעלן אינם לאַנד, וואו דאָס פּויערטום איז אין זיין גרעסטן רוב געווען ליטוויש, האָט דאָס אַרויפגעבראַכט דזשערזשינסקיס אינטערנאַציאָנאַלע אָנשויאונג. סאָציאַליזם האָט ער זיך געלערנט פון פּוילישער און רוסישער ליטעראַטור און כדי צו אַרבעטן צווישן יידישע אַרבעטער האָט ער זיך אויסגעלערנט יידיש. מיר פלעגן אַ

צייט שפעטער לאַכן, אַז אין דער לייטונג פון דער פּוילי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואו ס'איז געווען אַ גאַנצע רייע יידן, האָט יידיש לייענען געקענט נאָר איין דזשער־זשינסקי, דער פּוילישער שליאַכטשיץ און קאַטאָליק.

די אַרעסטן, וואָס האָבן זיך כסדר געשיט אויף דזשערזשינסקין באַלד אין די ערשטע יאָרן פון זיין טעטי־קייט, האָבן אים געגעבן די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט דער גאַנצער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור פון יענער צייט, און אין דער פּוילישער באַוועגונג איז ער שוין אַריין מיט אַ פעסט־באַגרינדעטער וועלט־אָנשויאונג. די ליטעראַטור פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און איר אָרגאַן „ספּראַוואַ ראָבאָטניטשאַ", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פּאַריז אין די יאָרן 1894–1895, איז אים אַריינגעפאַלן אין די הענט ערשט שפּעטער, ווען ער איז שוין געהאַט אויפן גרונט פון אייגענער געדאַנק־אַרבעט און דערפאַרונג צוגעקומען צו די זעלבע גרונט־ליניעס, וואָס אונזערע אידעאָ־לאָגן. דער יסוד פון זיינע אָנשויאונגען איז געווען די רו־סישע מאַרקסיסטישע ליטעראַטור. מ'קאָן זאָגן, אַז ער איז געווען די פאַרקערפּערונג פון דער איינהייט פון דער פּוילישער און רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אָבער זיין חשיבות אין דער באַוועגונג האָט באַזירט נישט בלויז אויף דער ריכטיקייט פון דער איבערצייגונג, נאָר אויך אויף דער אומוואַקלדיקער רעוואָלוציאָנערער אַנט־שלאָסנקייט, וואָס ער האָט אין דער באַוועגונג אַריינגעבראַכט.

די פּוילישע שליאַכטע אויף די ראַנד־געביטן, וועלכע איז אויסגעוואַקסן אין קאַמף מיט די טאָטאַרן און שפּעטער מיט די ליטווישע און אוקראַאינישע פּויערן, האָט זיך פון לאַנג־אָן אויסגעצייכנט מיט אומגעהויערער ענערגיע, האָט

פאַרגעשטעלט מיט זיך דעם מער אַנטשלאָסענעם טיפּ פון דער פּוילישער געזעלשאַפט. דזשערזשינסקי, וואָס האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט אידעען פרעמדע פאַר זיין סביבה, האָט זיי פאַרטיידיקט מיט דער זעלבער ענערגיע, מיט וועלכער די פּוילישע שליאַכטע אויף די ראַנד-געביטן האָט פאַרטיידיקט אירע קלאַסן-אינטערעסן. פאַר דזשערזשינסקין האָבן נישט עקזיסטירט קיין שוועריקייטן, קיין מפלות, פּונקט ווי זיי האָבן נישט עקזיסטירט פאַר די סקושעטוסקיס, וואָלאָדיאָוו-סקיס און אַנדערע העלדן פון דער פּוילישער שליאַכטע, וואָס ווערן געברימט אין די פּוילישע היסטאָרישע ראָמאַנען. די געפאַר האָט עקזיסטירט נאָר דערויף, אַז מ׳זאָל זי באַזיגן; שוועריקייטן בלויז דערויף, אַז נאָכן דערקענען די אָפּגעטוענע פעלערן — זאָל מען אויסשמידן אויפסניי די שווערד צו נייע קאַמפן.

אָבער בעת אָממייסטן די שליאַכטע, וואָס גייט איבער אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן, איז געוואָרן דער טיפּ פון די „פּריצישע בעל-תשובהניקעס" — האָט די קראַפט פונם רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, וואָס האָט דזשער-זשינסקין באַהערשט, אים דערלויבט אינגאַנצן זיך צונויפגיסן מיטן אַרבעטער-קלאַס און פילן זיך אַלס איר אומאָפּגעטיילטער טייל. ער איז נישט געווען אַ מענטש, וועלכער קומט צום אַרבעטער-קלאַס און אידעאַליזירט אים. במשך פון זיינע לאַנג-יאָריקע אַרומוואַנדערונגען אַלס אומלעגאַ-לער האָט ער געוואוינט ביי אַרבעטער, געגעסן מיט זיי פון איין טעלער, געשלאָפן אין איין בעט, געקענט זיי צו-זאַמען מיט זייערע אַלע היסטאָרישע פעלערן, אָבער אויך מיט דעם אַלעם, וואָס ברענגט אַריין דעם סאָציאַליזם אינעם אַרבעטער-קלאַס. ביי אַלע געמפּערלעכע מאָמענטן איז ער

געוועזן זיכער, אַז ער וועט צוזאַמענציִען אַרום זיך אַרבעטער, וועלכע וועלן אים נישט פאַרראַטן, אַז מיט זיי, מיט זייער מיטהילף, וועט ער קענען שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע; אַז ס'וועט אים געלינגען ווידער צונויפצונעמען אַ שטורם-אָפטייל, וועלכער וועט גיין אויף אַ נייעם קאַמף, אָן מורא פאַר הונגער און קעלט, אָן וואַקלעניש פאַר איבערלאָזן ווייב-און-קינדער, אָן שרעק פאַר לאַנגע יאָרן איינזאַמקייט אין קאַטאָרגע-תפיסה פון אַקאַטויאַ אָדער סיבירער טייגעס. דאָס אייזן פון זיינע פּראָלעטאַרישע אידעאַלן האָט זיך אין דער אַרבעט צווישן די אַרבעטער אויסגעשמידט אין בוי-געוודיק שטאָל, און דאָס טאַקע האָט דזשערזשינסקי אַריינגעבראַכט אין דער פּוילישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג.

אין דער אומלעגאַלער אַרבעט פון פאַר 1905 איז דער יונגער רעוואָלוציאָנער געוואָרן אַ פירער. ווען דער אָקטאָ-בער-מאַניפעסט האָט אים באַפרייט פון דער תפיסה פונם צענטן פּאַווילאָן אין וואַרשעווער ציטאַדעל, וואוהין ער איז אַריינגעפאַלן אין יולי 1905 אויף אַ פּאַרטייאישער מאַסן-קאָנפערענץ, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אין די וועלדער ביי דאָמביע הינטער וואַרשע, האָט שוין דאַן קיינער דעם מינדסטן ספק נישט געהאַט, אַז טאַקע ער — דזשערזשינסקי — איז דער פירער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אין פאַר-לויף פון די עטלעכע חדשים פון דער מאַסן-באַוועגונג ביז צום יוני-אַרעסט איז ער געווען דער פלאַם, וואָס האָט באַ-לעבט די גאַנצע פּאַרטיי.

ווער קאָן עס גאָר פאַרגעסן יענע טעג, ווען פאַרן קריגס-געריכט איז געשטאַנען מאַרטשין קאַספּזשאַק, אַן אַר-בעטער און גרינדער פון אונזער פּאַרטיי, וועלכער איז באַ-

שולדיקט געוואָרן אין שטעלן אַ באַוואָפנטן הידערשטאַנד ביים אַרעסטירן אים אין פרילינג 1904 אין אַ געהיימער דרוקעריי? די שטאָט איז פאַרפלייצט מיט מיליטער. מאַסן־אַרעסטן. דזשערזשינסקי מיט האַנעצקין קלאַפּן אָפּ אין אַ נייער דרוקעריי פּראָקלאַמאַציעס, וואָס רופן צו אַן אַלגעמיי־נעם שטרייק. דזשערזשינסקי גופא גייט דורך די רייען פון פּאַטרול אין די אַרבעטער־געגנטן און פאַרשפּרייט פּראָקלאַ־מאַציעס, וואָס ער האָט זיי געהאַלטן אויפן בלויזן לייב. דער הויכער, שלאַנקער מיטן אָדלער־פּנים גייט דורך די אָפּ־טיילן זעלנער און זשאַנדאַרמען, וועלכע רעווידירן אַלע דורכגייער. דער זשאַנדאַרם, וועמען דזשערזשינסקי האָט פריי געקוקט אין די אויגן אַריין, האָט נישט געוואַגט אים אָפּצו־שטעלן. אַזוי האָט דזשערזשינסקי לאַנגע יאָרן געלעבט אין די זכרונות פון די וואַרשעווער אַרבעטער, ווי אַ לעגענדע פון אַן אומצוברעכבאַרן רעוואָלוציאָנער. ווען ער איז אין דאָמביע אַריינגעפאַלן, האָט ער די חברים געצוואונגען, זיי זאָלן אים אַוועקגעבן די אַלע פּאַפּירן, וואָס מ'האָט שוין נישט באַוויזן צו פאַרניכטן, כדי אַזויערנאָך צו נעמען די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף זיך אַליין. אין דאָמביע האָט מען די אַרעסטירטע געהאַלטן אונטער אַ קאָזאַקן־וואַך. און דזשערזשינסקי נעמט זיך באַלד צו אַגיטירן צווישן מיליטער. ווען נישט די ווערסלונג פון דער וואַך, וואָלט זיך אים געווויס איינגעגעבן צוצוגרייטן צו אַנטלויפן.

אַלס אָרגאַניזאַטאָר פון די אָקטאָבער־געשעענישן אין 1905, קרייזלט דזשערזשינסקי אַרום, ווי אַ פלאַם איבערן גאַנצן לאַנד, פאַרפעסטיקט אומעטום די פאַרבינדונג מיט דער צענטראַלע, הויבט אומעטום אויף קאַמף־שטימונג, גרונטעוועט אומעטום איין די טיפסטע זיכערקייט, אַז די פּאַרטיי וועט

דערפירן די אַרבעטער־מאַכן פון פוילן צוזאַמען מיט די
אַרבעטער פונם גאַנצן לאַנד צו אַן אַטאַקע קעגן צאַריזם.
אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער סאָציאַל־דע־
מאָקראַטישער פּאַרטיי איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון
פוילן און ליטע נישט אַריין אין דער אַלגעמיינער רוסלענ־
דישער אָרגאַניזאַציע צוליב מיינונגס־פאַרשידנהייטן אין די
ענינים פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע. נאָך דער שפּאַלטונג
אויף באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס האָט די פּאַרטיי הע־
כער אַ יאָר צייט זיך געוואַקלט אין דעם אויסוואַל צווישן
די ביידע פראַקציעס. די לייטנדע אידעאָלאָגישע גרופּע פון
דער פּאַרטיי, וואָס איז געווען פעסט פאַרקניפּט מיט דער
מערב־אייראָפּעאישער באַוועגונג, איז מער נוטה געווען צו
די אָרגאַניזאַציאָנעלע אידעען פון די מענשעוויקעס, וואָס
האָבן זיך איר אויסגעוויזן מער איינשטימיקער מיט די
דערפאַרונגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג, איי־
דער די אָרגאַניזאַציאָנעלע אידעען פון לענינען. שוין אין
1903 איז דזשערזשינסקי נענטער געווען צום באָלשעוויזם.
פון סוף 1904 אָן, האָט דזשערזשינסקי שטאַרק זיך באַמיט וואָס
גיכער צו פאַראייניקן זיך מיט די באָלשעוויקעס. אין 1905,
ביי אַלע אונטערהאַנדלונגען מיט דער רוסישער סאָציאַל־
דעמאָקראַטיע, שפּילט ער די דעצידירנדע ראָל אין די דע־
לעגאַציעס, וואָס אונזער הויפּט־לייטונג האָט באַשטימט. לע־
נין האָט שוין דאַמאָלס געזען אין אים דעם נאָענטסטן חבר
אין דער פוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

ס'זענען אָנגעקומען יאָרן פון קאָנטר־רעוואָלוציע.
דזשערזשינסקי אַנטלויפט ווידער פון דער פאַרשיקונג און
מיט אַן אויסטערלישן טעמפּאָ אַרבעט ער אין וואַרשע ביים

שאַפן אויפסניי די אָרגאַניזאַציע. עס ווערן אָנגעצייכנט נייע אויפגאַבן: קאַמף מיט די ליקווידאַטאָרן. דזשערזשינסקי פאַרנעמט די אומוואַקלדיקע לענינשע שטעלונג פון קאַמף אויף צוויי פראָנטן. ער לעבט־אויף די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע און גלייכצייטיק אַרבעט ער צו שאַפן אַ לעגאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פרעסע.

אין 1912 קומט פאָר אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פוילן און ליטע אַ שפּאַלטונג אויפן גרונט פון אַ סכסוך צווישן אַ טייל לאַנד־אָרגאַניזאַציעס מיט דער אי־רעקלאָגישער צענטראַלע, וואָס האָט זיך געפונען אין אויס־לאַנד. די שפּאַלטונג, וואָס איז געגאַנגען געפּאָרט מיט אַ מוראַדיקן פּאָליטישן און פּערזענלעכן קאַמף, וועלכער האָט אַלע פּאַראינטערעסירטע פאַרשאַפט פיל ליידן, איז פאַר דזשערזשינסקין געווען אַן אמתער גיהנום. וואָרום, אַז ער האָט געשטיצט דעם הויפּט־צענטער פון די לידערס פון דער פוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט ער זיך אויף אַ געוויסער צייט געמוזט אָפּזאָגן פון פאַראייניקן זיך מיט דער באָלשעוויסטישער צענטראַלע, מיט וועלכער ס'האָט אים פאָליטיש גאָרנישט פונאַנדערגעשיידט.

דזשערזשינסקי האָט נישט ליב געהאַט צו דערציילן, וואָס ער האָט דורכגעלעבט האַרט פאַרן קריגס־אויסברוך, ווען ער האָט זיך ווידער געפונען הינטער דער שטיינערנער וואַנט פון דער וואַרשעווער ציטאַדעל, און דערנאָך אויף קאַטאָרגע אין אָריאָל. די ירידה פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, דאָס צעפאַלן זיך פון דער פּאַרטיי נאָך אירע גרויסע נצחונות אין דער תקופה פון דער „פּראַוודאַ", די שוואַרצע נאַכט, וואָס האָט איינגעהילט די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג, די אָפּקלאַנגען פון דער מלחמה, וואָס זענען צו אים דערגאַנ־

גען דורך די תפיסה־קראַטעס — דאָס אַלץ האָט אים אויף קיין איין מינוט נישט צעבראָכן.

פעברואַר 1917 טרעפט אים ווידער אין די קאַמפּס־רייען פון דער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע און אומדער־מידלעכן, פול מיט גלויבן און דראַנג צום קאַמף אין נאָמען פונם גרויסן אָקטאָבער.

אָקטאָבער טרעפט אים אין דער שפּיץ פון די קעמ־פער פאַר דער דיקטאַטור פון די אַרבעטער־מאַסן אַלס מיטגליד פון מיליטעריש־רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט אין פּעטער־בורג. דורך די גרויסע פאַבריק־שטעט פון פוילן, דורך לאָנ־דאָן, וואַרשע, דאָמבראָווער קוילן־געביט, דורך דער פאַרשי־קונג און קאַטאָרגע איז ער געקומען צו די פּוטילאָווער און אָבוכאָווער אַרבעטער און אין זייער שפּיץ אַריין אין די רייען פון די פירער פונם פאַרבאַנד פון ראַטן־רעפּובליקן.

אין יענע טעג, ווען מ'האָט זיך נאָך אַלץ געשלאָגן ביי פּעטערבורג און מאָסקווע, שאַפט דזשערזשינסקי אַ קאָ־מיסיע צום קאַמף מיט קאָנטר־רעוואָלוציע, שפּעקולאַציע און סאַבאָטאַזש. פעליקס דזשערזשינסקי הויבט אויף די אין פאַרלויף פון 15־יאָריקע קאַמפן געשמידטע שווערד פון רע־וואָלוציאָנערער אַנטשלאָסנקייט צו שיצן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. אָט די שווערד פאַלט אַראָפּ מיט אַן אומגע־הויערער קראַפט אויפן קלאַסן־שונא, ווען ער פּרוווט אויפ־הויבן דעם קאָפּ. טאָג און נאַכט וואַרט דער געטרייער שומר פון דער רעוואָלוציע, זוכט־אויף דעם שונא, גייט נאָך זיינע טריט, גיט אים פּלוצלינג אַ כאַפּ. דזשערזשינסקי שאַפט אַ קאָמיסיע פון רעוואָלוציאָנערער טאַט, פּונקט ווי ער האָט אַמאָל געשאַפן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

אונזערע שונאים האָבן אויסגעטראַכט אַ גאַנצע לע־

גענדע וועגן די אַלץ־וועגנדיקע אויגן פון דער טשעקאַ, וועגן די אַלץ־הערנדיקע אויערן פון דער טשעקאַ, וועגן דעם אומעטום אָנוועזנדיקן דזשערזשינסקי. זיי האָבן זיך אויסגעמאָלט די טשעקאַ אַלס עפּעס אַן אומגעהויערע אַרמיי, וועלכע נעמט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד, שטעקט אויס אירע פינגער אין איר אייגענעם קלאַס. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, אויף וואָס עס האָט זיך געשטיצט די מאַכט פון דזשערזשינסקין.

דזשערזשינסקיס מאַכט האָט פריער פון אַלץ געהאַט איר מקור אינם זעלבן, וואָס די מאַכט פון דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי — אין פולן צוטרוי פון די אַרבעטער־מאַסן און אָרעמען עולם, אין זייער זיכערקייט, אַז דזשער־זשינסקי איז זייער שטראָפנדיקע שווערד, זייער וואַכנ־דיק אויג. יעדער אַרבעטער, יעדער אביון האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צו העלפן דער טשעקאַ אין איר קאַמף צום שוץ פון דער רעוואָלוציע. טשעקאַ — דאָס זענען געווען נישט בלויז רייען פון העלדישע טשעקיסטן. טשעקאַ דאָס איז געווען די פיל־מיליאָניקע אַרבעטער־מאַסע, וואָס אָבסערווירט און ווייזט אָן יעדע באַוועגונג פונם שונא. ווער געדענקט עס נישט, ווי מ׳האָט בשעת דעם קאַמף מיט יודעניטשן אַנטדעקט אַ פאַרשווערונג פונם שטאַב־נאַטשאַלניק פון פעטערבורג, וועלכער האָט זיך קאָמוניקירט מיט יו־דעניטשן און געהאַנדלט לויט זיינע דירעקטיוון. דאָס פאַר־בינדונגס־גליד פון דעם אויסוואורף איז געווען אַן אַלטער נאַטוראַליזירטער פראַנצויז. די טאָכטער זיינע פאַרלירט אויף דער גאַס אַ פּעקעלע פּאַפּירן, אַ געוויינלעכער רויטאַרמייער געפינט עס און זעט דערין עפּעס פּלענער. ער האָט שוין געהאַט אַמאָל געזען קריגס־פּלענער און ס׳אַנטשטייט ביי אים

אַ חשד, אַז ס'איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, און ער אַרעסטיר־ דאָס מיידל, וואָס האָט פאַרלוירן די פּאַפּירן. אין די הענט פון דער טשעקאַ געפינט זיך אַזוי נאָך דאָס הויפּט־קעמפער פון יודעניטשעס שפּיאָנאַזש.

דזשערזשינסקי האָט מיר דערציילט, אַז אויף דער אויספאָרשונג האָט דער אַרעסטירטער פראַנצויז געזאָגט:

– ווען נישט דער צופאַל, וואָלט איר מיך נישט געכאַפּט.

– און וואָס האָט איר אים געענטפערט? – פרעג איך דזשערזשינסקין.

– ווען נישט די טאַט פון אַ געוויינלעכן רויטאַרמייער, וואָלט דאָס געוויינלעכע פאַרלירן פּאַפּירן אייך נישט געשאַדט. אָבער אָט די טאַט פון אַ פּשוטן רויטאַרמייער איז גאָר קיין צופאַל נישט, נאָר ס'איז דער כח פון דער טשעקאַ.

די בעסטע טשעקיסטן האָט זיך דזשערזשינסקי צוגע־קליבן פון די אַלטע פּשוטע פּאַרטייאישע אַרבעטער, וועל־כע זענען באמת געטריי דער זאַך פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

דער צווייטער מקור פון דזשערזשינסקיס מאַכט אי דער טשעקאַ איז געווען דאָס דעצידירטע טון, וואָס שטאַמט אָפּ פון דער אייזערנער איבערצייגונג וועגן דער ריכטיקייט פון דער זאַך פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. זומער 1918 גיט דזשערזשינסקי אַן אינטערוויו די פּאָרשטייער פון דער דאַמאָלס נאָך עקזיסטרנדיקער בירגערלעכער און קליינ־בירגערלעכער פּרעסע. די זשורנאַליסטן האָבן געפרעגט, צי דזשערזשינסקי האַלט נישט, אַז די טשעקאַ קאָן אַמאָל

אַ טעות האָבן און אָפּטון אַקטן פון אומגערעכטיקייט אין באַצוג צו יחידים.

— טשעקאַ איז נישט קיין געריכט — ענטפערט דזשער־זשינסקי — טשעקאַ איז די שוץ פון דער רעוואָלוציע. אַזוי ווי די רויטע אַרמיי קאָן אין בירגערקריג נישט זאָרגן דער־פאַר, מ׳זאָל נישט מאַכן קיין שאָדן יחידים, נאָר זי מוז טראַכטן בלויז וועגן איין זאַך, וועגן נצחון פון דער רע־וואָלוציע איבער דער בורזשואַזיע, — אַזוי מוז אויך די טשעקאַ פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע און באַזיגן דעם שונא, אַפילו ווען איר שווערד וועט צופעליק פאַלן איבער אומ־שולדיקע קעפּ.

דאָס פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע איז פאַר דזשערזשינ־סקין געווען דאָס העכסטע געזעץ און דעריבער האָט ער ביי זיך פאַרמאָגט אַזויפיל קראַפט, אָן וועלכער דער זיגע־רישער קאַמף מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציע וואָלט גאָרנישט מעגלעך געווען.

די שונאים האָבן זיך באַמיט פאָרצושטעלן אים אַלס בלוט־זויגער. זיין נאָמען איז געוואָרן אַ שרעק פאַר דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער בורזשואַזיע. אָבער די, וואָס האָבן דזשערזשינסקין געקענט, האָבן געוואוסט, ווי נישט לייכט ס׳איז אים אָנגעקומען אָט די ריקזיכטלאָזיקייט. דזשער־זשינסקי איז געווען אַ מענטש, וואָס שטרעבט מיט דער גאַנצער נשמה צום סאָציאַליזם, צו האַרמאָנישער אָרדנונג, וואָס גיט די אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייט פון אַלע מענטשלעכע כחות. ביי דזשערזשינסקין — דעם מאַן פון אומרחמנותדיקן קאַמף — האָט שטענדיק אָנגעהאַלטן דער טרוים פון אַזאַ אָרדנונג, ביי וועלכע די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען וועלן נישט געבוירן נישט בלויז קיין אומגלייכהייט, נאָר אויך

קיין פאַרבּרעכער נישט. פאַרמאָגט האָט ער אין זיך די טיפסטע ליבשאַפט צו מענטשן, צו זייער אַרבעט און געדאַנקען, און נישט צופעליק גיט ער אינם טאָג־בוך, וואָס ער האָט געשריבן הינטער די תּפיסה־קראַטעס אין 1908, דעם אויסדרוק פון זיין טיפן עקל צו צוואַנג. אַפילו אין די זשאַנדאַרמען און פּראָוואָקאַטאָרן זעט ער דעם פּראָדוקט פון געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען. און בלויז די טיפע איבערצייגונג, אַז יעדערליי שוואַכקייט פון געפיל קאָן מיט זיך ברענגען אומגליק און ליידן פאַר מיליאָנען מאַסן, האָט אים דערלויבט אָן וואַקלעניש צו באַנוצן זיך מיט דער רעוואָלוציאָנערער שווערד.

ער האָט נישט ליב געהאַט צו רעדן וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך אין זיין נשמה אָפּגעטון אין די שלאָפלאָזע נעכט. אָבער פון צייט צו צייט האָבן זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט ווערטער, וואָס זאָגן עדות, ווי שווער ס'איז אים געווען.

ווען מיר זענען אין 1920 אַרויסגעפאָרן אויפן קאַמפּפראָנט מיט פוילן און געהאַט די האָפענונג פון נצחון, געהאַט די האָפענונג, אַז מיר וועלן צוהעלפן די פוילישע אַרבעטער אין קורצן איבערצונעמען די מאַכט און באַפרייען זיך פון דער בורזשואַזיע, האָט דזשערזשינסקי צו מיר אַ זאָג געטון:

— אַז מיר וועלן זיגן, וועל איך נעמען דעם נאַרקאָמפּראָס (בילדונגס־קאָמיסאַריאַט).

די אָנוועזנדיקע חברים האָבן געלאַכט. דזשערזשינסקי איז אויפגעשפּרונגען פאַר כעס. אָבער אָט די ווערטער האָבן אויסגעדריקט דאָס, וואָס ס'איז קלאָר געווען פאַר יעדן איינעם, וועלכער האָט דזשערזשינסקין געקענט. צעשטערונג,

איבערגעוואַלט זענען געווען ביי אים בלויז אַ מיטל, אָבער דזשערזשינסקיס ווען איז געווען די בענקשאַפט אויפצובויען אַ נייַ לעבן.

אַדאַנק דעם, וואָס אָט דער מקור איז געווען ביי אים דער שטאַרקסטער, האָט אים דער סוף פונם בירגער-קריג אַרויסגערוקט אויף דער שטעל פונם בויער פון סאָציאַליזם. נישט בלויז די אינטערנאַציאָנאַלע בורזשואַזיע, נאָר אַפילו פיל חברים האָבן זיך געוואונדערט, ווען מ'האָט געהערט, אַז דזשערזשינסקי איז נאָמינירט געוואָרן אַלס לייטער פון אונזער קאָמוניקאַציע. אָבער אָט די נאָמינירונג איז געווען אין איינקלאַנג מיט דזשערזשינסקיס דראַנג, אין איינקלאַנג מיט זיין גאַנצן וועזן. נישט אַרויסלאָזנדיק פון די הענט די לייטונג מיט דער ג. פּ. או., ווייל ס'איז נאָך נישט געהאַט פאַרשוואונדן די געפאַר, וואָס האָט באַדראָט די רעוואָלוציע פון דער אינעווייניקסטער און אויסערלעכער קאָנטר-רעוואָלוציע, האָט זיך דזשערזשינסקי גיריק אַריינגעוואָרפן אינם קעסל פון דער ווירטשאַפטלעכער אַרבעט.

ער האָט דאָ נישט אַריינגעבראַכט נישט קיין טעכנישע, נישט קיין ספעציעל-עקאָנאָמישע צוגרייטונג. ער האָט באַזעסן דיזעלבע בילדונג, וואָס יעדער איינער פון אונזערע אָנגעזעענע אַלטע פשוטע פּאַרטיי-לייט. זיין אוניווערסיטעט איז געווען די תפיסה, וואו ער האָט, פונקט ווי אַלע, געשלונגען די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור. קיין ספעציעלע איינשטעלונג צו עקאָנאָמישע פאָרשונגען האָט ער נישט געהאַט. ווי אַזוי-זשע האָט ער, אַ מאַן פון אינערלעכער באַשיידנקייט, פרעמד פון יעדן מין פראַלעריי, געקאָנט צוטרעטן צו דער אויסטערליש-שווערער אַרבעט פון ווירטשאַפטלעכן אויפבוי? ווען דער צענטראַל-קאָמיטעט האָט אים געשטעלט

אין דער שפּיץ פון טראַנספּאָרט, האָבן אַ סך מענטשן גע־
מיינט, אַז דאָ גייט אין דעם, וואָס ער איז אַ שלאָגלער,
אַז מיט זיין אומגעהויערער ענערגיע וועט ער בייקומען די
ערשטע שוועריקייטן ביים שאַפן דעם אַפּאַראַט, די ערשטע
שוועריקייטן, וועלכע ליגן אויפן וועג פון ברענגען אין באַ־
וועגונג די מאַסע באַן־אַרבעטער. אָבער באַלד דערנאָך האָט
זיך אַרויסגעוויזן, אַז דזשערזשינסקי פאַרשטייט זיין אייפּגאַ־
בע גאָר אַנדערש: אַז ער פאָרשט נאָך נישט בלויז דאָס
אָרגאַניזירן די באַנען, נאָר אַלע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען
וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קאָמו־
ניקאַציע; אַז ער דרינגט אַריין אין אַלע ענינים פון אייז,
און קוילן, וואָס אָן זייער דערליידיקונג וואָלט נישט מעגלעך
געווען אָוועקצושטעלן די קאָמוניקאַציע אויף אַ געהעריקן
ניוואָ. פאַר דזשערזשינסקין איז די אַרבעט ביי קאָמוניקאַציע
געווען בלויז אַן אָפּשניט פונםווירטשאַפטס פראָנט. אין
האָבן אַממערסטן אינטערעסירט און געריצט פּראָבלעמען פון
בויען דעם סאָציאַליזם.

ער האָט זיך אינגאַנצן געווידמעט אָט די ענינים און
געהאַלטן זיי פאַר דער לעבנס־אויפגאַבע פון יעדן קאָמוניסט,
ביי אים איז עס נישט געווען קיין פאַך, נאָר דער ציל פון
אַלע צילן. דזשערזשינסקי האָט טיף געגלויבט, אַז מיר זע־
נען אימשטאַנד נישט בלויז אָוועקצושטעלן אַ ווירטשאַפט
נאָר אויך בויען דעם סאָציאַליזם, נישט געקוקט אויף דעם
פאַרציען זיך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע. פעסט
גלויבנדיק דערין, האָט ער געהאַלטן פאַר זיין חוב מיט דער
גאַנצער נשמה זיך צו ווידמען אָט דעם בוי. ער האָט גע־
וואוסט, ווי שווער עס איז צו בויען. ער האָט געמוזט
שטודירן טאָג און נאַכט, כדי זיך צו מאַכן אַ בילד פון די

פאַרמלחמהדיקעווירטשאַפטס-באַדינגונגען, אויפקלערן די ענ-דערונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען בשעת דער מלחמה און רעוואָלוציע, כדי אויסצוווילן זיך אַ רינג, ביי וועלכן מ'קאָן זיך אָנכאַפּן. ער האָט געאַרבעט מיט אַזאַ ברען און אימ-פעט, ווי עס האָט געקאָנט אַרבעטן נאָר אַ מענטש פון זיין גלויבן און ענערגיע. ער איז אין דער אַרבעט געוואַקסן, וואָרום געוואַקסן איז זי די אויפגאַבע, וואָס האָט אויסגעדריקט אַלע גרונד-שטרעבונגען פון דזשערזשינסקין אַלס רעוואָ-לוציאָנער.

אַנומלט האָב איך אויף אַ קליינער פאַרזאַמלונג פון אַ גרופּע ווירטשאַפטלעכע טוער געהאַט די געלעגנהייט צו שמו-עסן מיט דזשערזשינסקין מכח אונזערע לויפנדע עקאָנאָמישע פראַגן. טייל האָבן נאָכגעפאָרשט, אויפגעוויזן—דזשערזשינסקי האָט געפלאַמט, געפלאַמט מיט ענטוזיאַזם, געפלאַמט מיט גלויבן, געפלאַמט מיט אייזערנער איבערצייגונג. איינער פון די אָנוועזנדע חברים, וועלכער האָט פונקט ווי איך דזשערזשינסקין געקענט העכער אַ יאָר צוואַנציק, האָט אַ זאָג געטון, ווען מיר זענען שוין אַהיימגעגאַנגען:

— ער האָט אין פאַרלויף פון זיין גאַנץ לעבן נישט אָנגעוואוירן קיין איין אַטאָם פון זיינע סאָציאַליסטישע אי-בערצייגונגען און פון זיין סאָציאַליסטישן גלויבן.

דזשערזשינסקי פלעגט פיבערהאַפט אַרבעטן און מיט זיין גלויבן די גאַנצע סביבה אָנגעשטעקט. ער האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז זיין אַ-בעט, פונקט ווי די אַרבעט פון דער פּאַרטיי וועט געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג, אויב מיר וועלן דערביי נישט פאַרגעסן, אַז דער נצחון איז נישט מעגלעך, אויב מ'זאָל דערביי נישט אויסנוצן די גאַנצע ירושה פון דער בורזשואַזער ווירטשאַפט. און

דזשערזשינסקי, וועלכער האָט געקענט אומברחמנותדיק דער·
שטיקן יעדן פּ״ווו פֿון סאַבאָטאַזש מצד די ספּעצן, האָט
געמוזט קעמפֿן פֿאַר בעסערע אַרבעטס-באַדינגונגען פֿאַר די
ספּעציאַליסטן, שיצן זיי פֿאַר פֿאַראורטיילן און אַפֿילו
פֿאַרן נאַטירלעכן אומצוטרוי מצד די אַרבעטער-מאַסן. די
בעסטע פֿון צווישן די ספּעציאַליסטן האָבן זיך אויסגעלערנט
שעצן און ליב האָבן דזשערזשינסקין, צוועגנדיק זיין גרוי·
סע אַרבעט. אָבער גלייכצייטיק האָט דזשערזשינסקי פֿאַר·
שטאַנען, אַז די פֿיינס׳טע וויסנשאַפֿט וועט אונז נישט ביי·
הילפֿיק זיין ביים בויען דעם קאָמוניזם, כל זמן זי וועט
נישט אַרומנעמען די אַרבעטער-מאַסן, כל זמן אין די אַרבעי·
טער-מאַסן וועט נישט צעפֿלאַמען די שטרעבונג צו בויען
דעם סאָציאַליזם, כל זמן די מאַסן וועלן נישט ווערן אַריינ·
געצויגן אינם באַאַרבעטן אַלע פּראָבלעמען פֿון אונזער בוי·
אונג.

אינם לעצטן אָפֿיציעלן דאָקומענט, וואָס איז אונטער·
געשריבן פֿון דזשערזשינסקין און געריכטעט צום ווירטשאַפֿטס·
קאָמיסאַריאַט וועגן דער נויטווענדיקייט צו פֿאַרשטאַרקן
די אַרבעט פֿון די ווירטשאַפֿטלעך-אינדוסטריעלע פֿאַרזאַמלונ·
גען, האָט דזשערזשינסקי געשריבן:

„די ווירטשאַפֿטלעכע טוער מוזן וויסן, אַז קיין איין
טריט, קיין איין אונטערנעמונג, קיין איין מער-ווייניק וואָ·
גיק פּראָבלעם קאָן נישט געבן די געוואונשענע רעזולטאַטן,
אויב ס׳וועט נישט דורכגעפֿירט ווערן דורך די געדאַנקען
פֿון דער אַרבעטער-מאַסע, אויב די אַרבעטער-מאַסע וועט עס
נישט פֿאַרשטיין.“

אַט די ווערטער דזשערזשינסקיס זענען עס זיין
צוואה, די צוואה פֿונם בויער פֿון סאָציאַליזם, וועלכער האָט

זיין לעבן פאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־מאַסע, פאַרברענגט אין אירע רייען, און וועלכער האָט אין דער שפּיץ פון אָט די מאַסן אָפּגעשטויסן דעם שונא און האַלט איין האַנט אויף דער שווערד, בעת די צווייטע האָט ער שוין אָנגעשפּאַרט אויפן גראָבאייזן.

נישטאָ מער דזשערזשינסקי. פאַר די מיליאָניקע מאַסן איז זיין נאָמען געוועזן דער סימבאָל פון אומדערשראָקענעם ריטער, דער סימבאָל פון נישט געבויגענעם ווילן פון נצחון, דער סימבאָל פון פאַרטיידיקער פון אַרבעטער און אָרעמע. זיין נאָמען וועט אַריבערגיין אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם אלס נאָמען פון איינעם פון די בעסטע קעמפער פונם פּראָלעטאַריאַט. אויב וועגן לענינען וועלן די מאַסן געדענקען, ווי וועגן דעם מוח פון דער רעוואָלוציע, וועלן זיי וועגן דזשערזשינסקין רעדן ווי וועגן איר האַרץ. דזשערזשינסקי האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ־אָ פאַראייניקונג פון ווערטן, וואָס אין אַזאַ מין צוזאַמענשטעל וועט די געשיכטע שוין נישט איבערחזרן. אָט דער קאָמוניסט, וואָס איז געווען טיף איבערגעגעבן די אַרבעטער־מאַסן, געזען אין זייער קאַמף די גאַראַנטיע פון נצחון; אָט דער קאָמוניסט, וואָס האָט אין זיך באַקעמפט דעם בורזשואַזן אינדיווידואַליזם — איז גלייכצייטיק געווען אַ גרויסע אינדיווידואַליטעט. און די גאַנצע פאַרטיי ביז צום לעצטן פאַרטיי־מאַן גיט זיך אָפּ אַ חשבון, אַז אַזאַ קעמפער, ווי דזשערזשינסקי, מיט אַזאַ פאַראייניקונג פון גלויבן און ווילן, וועלן מיר שוין מער נישט האָבן. ביי דזשערזשינסקיס קבר וועלן שטיין מיט געבויגענע קעפּ נישט בלויז די אַרבעטער פונם פאַרבאַנד פון ראַטן־רעפּובליקן, צווישן וועלכע ער האָט די לעצטע צען יאָר געאַרבעט; נישט בלויז די אַרבעטער פון פּוילן, אין וועל-

מענס רייען ער האָט געקעמפט זיין גאַנצע יוגנט־צייט, — נאָר אויך די אין תּפיסה שמאַכטנדיקע אַרבעטער פון אַלע לענדער, אַרבעטער, פאַר וועמען זיין נאָמען איז געווען אַ שטראַל פון האָפענונג.

דזשערזשינסקיס טויט וועט אַרויסרופן אַ וואַנזיניקע פרייד אין האַרץ פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בורזשואַזיע. ס'איז געשטאָרבן דער שעפער און נאַטשאַלניק פון דער טשעקאַ. אָט די ידיעה וועט אַרומלויפן איבער דער גאַנצער וועלט און אונזערע שונאים באַפליגלען מיט האָפנונג. אָבער זיי האָבן אַ טעות. פונקט ווי לענינס טויט האָט אין די רייען פון די אַרבעטער־מאַסן געבוירן דאָס געפיל פון נויט־ווענדיקייט ענגער צו שליסן די רייען, אַזוי וועט דזשער־זשינסקיס טויט דערוועקן ביי די ברייטע שיכטן נישט בלויז די דערינערונג פון די גרויסע אָקטאָבער־טעג, פון די יאָרן פון העראָאישן קאַמף קעגן אינטערווענץ, נאָר אויך דעם ווילן צונויפצונעמען די גאַנצע ענערגיע, כּדי צו דערגענצן דאָס ווערק, וועלכן דזשערזשינסקי האָט געשאָנקען דעם פלאַם פון זיינע לעצטע יאָרן — דאָס ווערק פון בויען דעם סאָציאַליזם.

יולי 1926.

# ווילסאָן

די ידיעה פון ווילסאָנס טויט וועט קיינעם נישט אויפ־טרייסלען. ווילסאָן איז פּאָליטיש געשטאָרבן אין יענעם טאָג, ווען עס איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער ווערסאַלער שלום. איצטער איז אַמעריקע מיט גרויס פּאָמפּע קובר דאָס, וואָס ס'איז לעבן געבליבן נאָך ווילסאָנס טויט, וועלכער איז געקומען איר יאָר 1919 אין פּאַריז.

אָבער מיטן נאָמען ווילסאָן איז פאַרבונדן די לעצטע אוטאָפּיע פון דער בורזשואַזיע, אַן אוטאָפּיע, וועלכע האָט מיטגעריסן אין די מלחמה־יאָרן מיליאָנען מענטשן, אַן אוטאָפּיע, וועלכע איז געווען די לעצטע גרויסע אידייע פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. מיטן מאָמענט, ווען די אוטאָפּיע שטאַרבט אָפּ, וועט די קאַפּיטאַליסטישע וועלט לעבן פּונקט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג דער אַרבעטער־קלאַס וועט איר דערלויבן, אָבער לעבן וועט זי בלויז ווי אַ וואַמפּיר, וואָס דערנערט זיך מיט בלוט פון לעבעדיקע.

ווילסאָנס קאַריערע שטעלט מיט זיך פאָר אַ בילד פון אַזוי ספּעציפיש־אַמעריקאַנישע דערשיינונגען, וועלכע מיר, אייראָפּייער, זענען נישט אימשטאַנד צו פאַרשטיין, און נעמלעך:

אין אַמעריקע דערגייען צו די אָנפירנדיקע שטעלעס מענטשן, וואָס צייכנען זיך געוויינלעך נישט אויס נישט מיט שכל, נישט מיט כאַראַקטער. דאָס זענען מענטשן, וואָס מען ווייסט פשוט נישט, פאַרוואָס זיי זענען עס געוואָרן פרעזידענטן און נישט עלטערע געהילפן פון אַ יינגערן סעקרעטאַר אין וועלכער ס'איז ביוראָקראַטישער אינסטיטוציע. וינט לינקאָלנס טויט האָט אַמעריקע נישט געהאַט קיין איין פרעזידענט, וואָס זאָל געווען זיין אַ גרויסער מלוכה-מאַן. ס'וואָלט זיך געקאָנט דוכטן, אַז די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט פון ווילסאָנען האָט אים באַדאַרפט אויסהיטן פון דער מעגלעכקייט צו ווערן אַ פרעזידענט.

אַ מענטש ענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט, כּדי צו ווערן אַן אַדוואָקאַט, אָבער אָפּעאַצנדיק ריכטיק זיינע פעאיקייטן, האָט ער זיך גענומען צו דער בילדונג פון יונגע מיידלעך. דערנאָך האָט ער באַשלאָסן זיך צו ווידמען דער וויסנשאַפטלעכער קאַריערע און האָט גענומען שרייבן וויסנשאַפטלעכע ביכער, אַזעלכע, וועלכע עס קאָן יאָר יערלעך אויסזיצן דער ערשטער בעסטער פּראָפעסאָר קאָנאַזשעווסקי, נישט אָנטערענגענדיק דערביי קיין שום אַנדערע איברים, אויסער די, וואָס זענען נויטיק צום זיצן. ווילסאָנס בוך וועגן דער געשיכטע פון דער מלוכה קאָן מען אָנווענדן אין די אַמעריקאַנער תפיסות אַלס פייניקונגס-מיטל. ווילסאָנס וויכטיקסטע אַרבעט — „די געשיכטע פון אַמעריקע" — איז דאָס סאַמע לאַנגווייליקסטע ווערק פון אַ דורכשניטלעכן בורזשואַזן היסטאָריקער. די איינציקע זאַך, אין וועלכער ווילסאָן האָט אַרויסגעוויזן עפּעס ענלעכעס צו טעמפּעראַמענט

און געדאַנק, איז זיין זשורנאַליסטישער אַרטיקל וועגן עד־מונד בערק, דעם גרויסן ענגלישן קאָנסערוואַטיוון שרייבער פון סוף 18־טן יאָרהונדערט, וועלכער האָט פאַראורטיילט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. ווילסאָן רימט שטאַרק בערק צוליב דעם, וואָס דער דאָזיקער טאַלענטירטער, הגם כאַראַקטערלאָזער, שרייבער, האָט געקעמפט קעגן דעם, אַז די אידעאַלן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע זאָלן אריינדרינגען קיין ענגלאַנד. און מיט שרעק שטעלט זיך ווילסאָן די פראַגע: וואָס וואָלט געשען, ווען די אידעאַלן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע וואָלטן אין ענגלאַנד יאָ געזיגט?

אין 1902 פאַרלאָזט ווילסאָן דעם אַמט פון אוניווערסיטעטס־רעקטאָר אין פרינסטאָן, וואו זיינע רעפאָרמיסטישע איינפאַלן אויפן געביט פון שול־וועזן האָבן געליטן אַ פולשטענדיקע מפלה. ער שטעלט אַרויס זיין קאַנדידאַטור אויפן אַמט פון גובערנאַטאָר אין שטאַט ניו־דזשערסיי. דער דאָזיקער שטאַט, וואָס ליגט בשכנות מיט ניו־יאָרק, האָט אָנגעווענדט די געזעצן וועגן קאָנטראָל איבער די טרעסטן נאָך פאָרזיכטיקער, ווי עס פלעגט פאָרקומען אין ניו־יאָרק. די דעמאָקראַטישע קליקע, וועלכע האָט דאַן געבאַלעבאַטעוועט אין ניו־דזשערסיי, האָט געטראָגן „זייער ווייסע הענטשקעס". דער געלערנטער פראָפעסאָר, וועלכער פלעגט קיין שוחד נישט נעמען און אַלס רעקטאָר פון אוניווערזיטעט האָט ער זיך קונה שם געווען דערמיט, וואָס ער האָט געקעמפט קעגן דעם אַריינמישן זיך פון די פינאַנסיסטן אין די אוניווערזיטעטס־ענינים — איז געווען אויסערגעוויינלעך צוגעפאַסט צוצודעקן מיט זיך די אַלטע קאָרופּציע.

דאַניעל האַלעווי, ווילסאָנס ביאָגראַף, דערקלערט אין בוך זיינעם, וואו ער זינגט שבחים ווילסאָנען, גאַנץ אָפן, פאַרוואָס די אַלטע שטשורעס פון דער דעמאָקראַטישער קאָ־רופּציע האָבן זיך באַנוצט מיט ווילסאָנס הילף.

„איינער פון די פּרינציפּן פון די אַמעריקאַנער „פּאָ־ליטיקער", — שרייבט ער, — באַשטייט אין דעם, וואָס זיי באַהאַלטן זיך הינטער אַ קאַנדידאַט, וועלכער איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער פּאָליטיקער. זיי רוקן אַרויס אַ מענטש, וואָס קאָן געפעלן, וואָס האָט דערפאָלג אַ דאַנק דער נייקייט פון זיין נאָמען, אָדער אַ דאַנק אַ געוויסן רום, וואָס ער האָט דערוואָרבן אויף אַנדערע געביטן, אין אוניווערסיטעט אָדער אין געריכט. קורץ געזאָגט: אַ מענטש, ווי ווילסאָן, וועלכן מ׳קאָן קויפן מיט אַ הויכן אַמט. די פּאָליטיקער, וואָס שטעלן אַרויס אַזאַ קאַנדידאַט, שפּעקולירן אויף דער אומדערפאַרונג פונם ביילינג, אָדער אויף זייער קאָנען אים נעמען שטאַרק אין די הענט אַריין באַלד צומאָרגנס נאָך די וואַלן און באַוואָרענען זיך אַזויערנאָך די מעגלעכקייט פון באַלעבאַטע־ווען אָן וועלכע נישט איז שטערונגען."

אַ דאַנק אָט די מעטאָדן פון דער מ׳שטיינסגעזאָגטער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז אונזער פּראָפעסאָר געוואָרן אַ גובערנאַטאָר.

אויפן דאָזיקן אַמט, ביי וועלכן ווילסאָן האָט קיין שום שינוי ביים רעגירן מיטן שטאַט נישט אַריינגעבראַכט, פלעגט ער האַלטן רעפעראַטן קעגן דער הערשאַפט פון די טרעסטן. ווער עס לייענט דורך אָט די רעדעס, וואָס זענען פאַרזאַמלט אינם בוך „די נייע פרייהייט", קאָן מיינען, אַז אָט האָט

זיך ענדלעך באַוויזן אַ געראַכטער מאַן, כדי צו פּאַרטיליקן סדום ועמורה.

ווילסאָן פּאָדערט אַן אָפענע פירונג פון די טרעסטן־געשעפטן; ער רוקט אַרויס ממש דעם באָלשעוויסטישן לאָזונג פון 1917 וועגן אונטערברענגען דעם האַנדלס־סוד; ער פאַרלאַנגט, אַז די גרויסע טרעסטן זאָלן אַרונטערפאַלן אונטער דער קאָנטראָל פון דער געזעלשאַפט. אַט דאָס האָט אים פאַרשאַפט דעם רום פון אַן אמתן דעמאָקראַט און צוגעגרייט דעם באָדן צום אויסוויילן אים אין 1912 אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

די מלחמה טרעפט ווילסאָנען אויפן דאָזיקן אַמט. נאָכפאָלגנדיק דער אַנטי־מלחמה שטימונג פון דער מערהייט בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, נעמט ווילסאָן האַלטן איין אַנטי־מלחמה־רעדע נאָך דער אַנדערער, ווי ס'וואָלט זיך אין אים פאַרקערפּערט דער גייסט פון די פּאַציפיסטישע נביאים. ער טרעט אַרויס קעגן דער געהיימער דיפּלאָמאַטיע, קעגן געהיימע אָפּמאַכן, רעדט וועגן די בשותּפותדיקע אינטערעסן פון אַלע פעלקער, וועגן דער נויטווענדיקייט פון זייער פאַראייניקונג. ווילסאָן רעדט אַזוי אויסגעצייכנט, אַז ס'ווערן פון אים אַנטציקט נישט בלויז אַלע בורזשואַזע פּאַציפיסטן, נאָר אויך אין די רייען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ווי נאָר ס'נעמט זיך באַווייזן אַ מידקייט פון דער מלחמה, הויבט זיך אָן אַן אמתער קולט פאַר ווילסאָנען. דער אַלטער קאַוטסקי שרייבט אַפילו אָן אַן אַרבעט איבער די היסטאָרישע מקורים פון ווילסאָנס פּאַציפיזם.

גלייכצייטיק אַרבעט דער פינאַנץ־קאַפּיטאַל פון די

פּאַראײניקטע שטאַטן מיט מאָרגאַנען אין דער שפּיץ בײם פאַרזאָרגן דאָס קאָאַליציע־מיליטער. טײל טײטשן עס אױס מיט דער קרובהשאַפט און נאַציאָנאַלן בונד פון די אַמערי־קאַנער און די ענגלישע פינאַנץ־ספּערן. דאָס איז אָבער אַ נאַרישקײט. באַנקירן פון רײן דײטשער אָדער יידיש־דײטשער אָפּשטאַמונג, װי באַרוך, שװאַב, קאַן האָבן געאַרבעט לטובת דער אַנטאַנט נישט װײניקער געטרײ װי מאָרגאַן. די סיבה דערפון איז אַ גאַנץ פּשוטע. ענגלאַנד הערשט אױפן ים, די ליפערונגען פאַר דײטשלאַנד װאָלטן געקאָנט אַרױסרופן אַ קאָנפליקט מיטן ענגלישן אימפּעריאַליזם; די דײטשן װידער האָבן זיך נישט געקאָנט קעגנשטעלן די ליפערונגען פאַר דער קאָאַליציע, װאָרום זײער פלאָט איז געשטאַנען אָפּגע־שלאָסן אױפן צפון־ים.

פון סעפּטעמבער 1914 ביז פעברואַר 1917 האָבן די אַמעריקאַנער טרעסטן געליפערט קײן אײראָפּע געװער און שפּײז־אַרטיקלען אױף דער סומע פון צען און אַ האַלבן מיליאַרד דאָלאַר. דער עודף פונם אַמעריקאַנער עקספּאָרט איבערן אימפּאָרט האָט דערגרײכט די סומע פון פינף און אַ האַלבן מיליאַרד דאָלאַר. ענגלאַנד צאָלט מיט גאָלד — מיט אַמעריקאַנער קאָסטבאַרקײטן, װאָס געפינען זיך אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן פון די פאַראײניקטע מלוכות.

„פאַר די צװײ יאָר מלחמה האָט דער יונגער מאָרגאַן פאַרדינט מער, װי דער אַלטער מאָרגאַן במשך פון זײן גאַנץ לעבן" — שרײבט דזשאָן קענעט טערנער אין זײן פּראַקטיקן בוך, װאָס גיט דאָס בולטסטע, אױף פאַקטן זיך

שטיצנדיקע, בילד פון דער דיקטאַטור פונם פינאַנץ־קאַפּיטאַל אין די דעמאָקראַטישע כּאַראַיינקטע שטאַטן בעת דער מלחמה. יעדע ידיעה וועגן אַ מעגלעכקייט פון שלום־אונטערהאַנדלונגען רופט אַרויס אַ בעסע פון די אַקציעס פון די אַמעריקאַנער טרעסטן און באַנקירן. פאַר קיין שום זאַך האָבן זיי נישט אַזוי מורא, ווי פאַר אַ שלום.

דריי פערטל פון דער אַמעריקאַנער פרעסע אַרבעט פאַר מאָרגאַנען און זיינע שותפים אין דער גרויסער גזילה. האַנט ביי האַנט מיט זיי אַרבעט די אַמעריקאַנער ביוראָקראַטיע, וועלכע וואַרפט אַריין אין תפיסה טויזנטער מענטשן, וואָס קעמפן קעגן דער מלחמה־געפאַר, גראָד אין דער זעלבער צייט, ווען ווילסאָן רופט אין זיינע רעדעס צום שוץ פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

אין 1916 קומען פאָר פרעזידענט־וואַלן און ווילסאָן פיגורירט אַלס קאַנדידאַט, וועלכער האָט אָפּגעראַטעוועט אַמעריקע פון מלחמה, אַלס פרעזידענט פון נייטראַליטעט און שלום. די טרעסטן, וועלכע האַלטן אין זייערע הענט די גאַנצע פאַקטישע מאַכט, רייבן פאַר' פרייד די ברודיקע לאַפּעס. ווילסאָן זיגט. די צוגרייטונגען אַריינצוטרעטן אין די רייען פון די קעמפנדיקע ווערן פאָרטגעזעצט מיטן פולן ברען.

די אַנטאַנט טרעפט אָן אויף וואָס אַמאָל גרעסערע שוועריקייטן ביים צאָלן אַמעריקע פאַר נייע באַשטעלונגען. זי דראָט, אַז זי וועט זיין געצוואונגען צו באַגרענעצן זיך מיט פאַבריקאַציע פון געווער ביי זיך אין דער היים, אויב אַמעריקע וועט נישט צוטרעטן צום קריג. פרילינג 1917

מאַכט שוין ווילסאָן אַלץ הכנות איבערצוּרייסן מיט דייטש־לאַנד, און די דאָזיקע איבעררייסונג קומט טאַקע פאָר.

אַמעריקעס אריינטרעטן אין קריג איז פאָרגעקומען קעגן דעם ווילן פון דער אָ־בערוויגנדער מערהייט בירגער. אַרויס־געזוגן האָט זיך דאָס אַמבעסטן פון דער קליינער צאָל פריווילעגיע, וואָס האָבן דעקלאַרירט זייער גרייטקייט אַריינ־צוטרעטן אין די קריגס־רייען. די כוואַ־יע פאַרפאָלגונגען נישט בלויז לגבי סאָציאַליסטן, נאָר אויך לגבי אַלע קעגנער פון מלחמה, וואָס צעגיסט זיך איבער אַמעריקע אַזוי ווייט, אַז אַפילו דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט דערפון נישט גע־וואוסט, באַשטעטיקט די טעזע, אַז דאָס פאָלק האָט נישט געוואָלט גיין קעמפן. דער פינאַנץ־קאַפּיטאַל האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון, ער קאָן איצט נתעשר ווערן, ווי קיינמאָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. הויפּטזעכלעך געשעט עס אויפן חשבון פון די פאָלקס מאַסן פון אַמעריקע: וויל־סאָן גיט איבער אין די הענט פון די פאַראינטערעסירטע קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס די גאַנצע אָנפירונג מיט דער קריגס־אינדוסטריע, דעם פונאַנדערטייל פון באַשטעלונ־גען און דאָס באַשטימען פרייזן, און ער גופא נעמט פריי־דיקן די באַדינגונגען פון אייביקן פרידן, וועלכער וועט דערגרייכט ווערן נאָכן צעקלאַפּן די דינאַסטיע פון די האָ־הענצאָלערנס.

אָט דער אָנזאָג האָט אַריינגעבלאָזן נייע כוחות אינם אויסגעשעפּטן מיליטער פון דער אַנטאַנט. ווילסאָנס רעדעס גיבן דעם בעלגישן, פראַנצויזישן, ענגלישן זעלנער דעם גלויבן, אַז אַפילו אויב ער וועט אומקומען, וועט די מלחמה,

וואָס וועט אים אומבארענגען, שוין זיין די לעצטע. ווייסאָ־ניזם ווערט דער גלויבן פון דער אויף די שלאַכט־פעלדער ליידנדער מענטשהייט, פון די קליינבירגערלעכע מאַסן פון גאָר דער וועלט. פאַרניכטן די קריגס־בונדן, געהיימע אָפּ־מאַכן, זעלבסט־באַשטימונג פון די פעלקער, אָפּשאַפן דעם מיליטאַריזם — טויזנטער צייטונגען חורן טאָג־טעגלעך איבער אָט די לאָזונגען פונם פרעזידענט פון די פאַראיי־ניקטע שטאַטן, דעם ראש פון דער פאָפּולערסטער אין דער וועלט גרויסמאַכט.

ס'איז אָנגעקומען דער טאָג, ווען דער דייטשער פראָנט האָט אַ ציטער געטון. דער דייטשער פראָנט האָט ביי זיינע פיס דערזען דעם אָפּגרונט און ער כאַפּט זיך אָן, ווי אָן אַ שטרוי, אין ווילסאָנס 14 פונקטן, וואָס זאָלן אָפּראַטעווען דעם דייטשן קאַפּיטאַליזם פון צעריסן ווערן דורך דער זי־געירשער אַנטאַנט. דייטשלאַנד ווענדעט זיך צום אַמעריקאַ־נער פרעזידענט, ווי צום וועלט־ריכטער וועגן די באַדינגונ־גען פון אַ וואָפן־שטילשטאַנד. אַ גאַנצן חודש זייעט ווילסאָן דורך די ציין אָט די באַדינגונגען, דעליקאַט צייגט ער איבער די דייטשן, אַז קיין שלום וועלן זיי נישט דער־גרייכן, כל־זמן זיי וועלן נישט אָפּפערן דעם קייזער. אויף אַזאַ אַרט אָרגאַניזירט ער פשוט אַן אויפשטאַנד אין דייטש־לאַנד. דער אויפשטאַנד ברעכט טאקע אויס, די דייטשע אָנפירנדי־קע קלאַסן קאַפּיטולירן אינם קאָמפּיענער וואַלד. די וואָפן־שטיל־שטאַנד־באַדינגונגען זענען כּוראדיקע, זיי באַווייזן די פולקאָמע אָנ־מאַכט פון דייטשלאַנד ביי די שלום־אונטערהאַנדלונגען. דאָך, ווען עמעצער וואָלט נאָר געפּרוווט עפּעס אַרויסזאָגן קעגן דעם, וואָלט ער געלינטשט געוואָרן דורך די פאָלקס־מאַסן

פון דייטשלאַנד, וואָס האָבן טיף געגלויבט, אַז ווילסאָן וועט זיך בשעת די שלום־אונטערהאַנדלונגען פאַר זיי אָננעמען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעגירונג, אויס מורא פאַר רע־וואָלוציע, האַלט אונטער אָט די האָפנונגען אויף ווילסאָנען. בלויז סאָוויעט־רוסלאַנד קלערט אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט פון דער טריבונע פונם ראַטן־צוזאַמענפאָר און אין איר נאָטע צו ווילסאָנען, אַז אַלע זיינע הבטחות זענען אַ געוויינלעכער שווינדל.

ס'הויבט זיך אָן די טראַגי־קאָמעדיע פון ווערסאַל. מיר האָבן איצט אַ קלאָר בילד פון דעם, וואָס ס'האָט זיך אָפּ־געטון הינטער די טירן פונם קאַבינעט, וואו דעם גורל פון דער מענטשהייט האָבן באַשטימט פיר מענטשן: קלעמאַנסאָ, לאָיד דזשאָרדזש, ווילסאָן און אָרלאַנדאָ. די ביכער פון ווילסאָנס סעקרעטאַר בעקער, דאָס בוך פון טאַרדיע, איי־נער פון די הויפּט־אָנפירער פון דער פראַנצויזישער דעלעגאַציע, דאָס בוך פון קענס, דעם ענגלישן עקספּערט פאַר פינאַנץ־ענינים. האָבן אויפגעהיט דאָס בילד פאַר דער מענטשהייט.

פון איין זייט דער אַלטער קלעמאַנסאָ, אַ מאַן מיט אַן אייזערנער ווילנס־קראַפט, וועלכער גיט זיך אָפּ אַ חשבון, אַז אָט האָט געשלאָגן די שעה פון נקמה פאַרן צעקלאַפּן פראַנקרייך אין 1871, אַ מאַן, וועלכער האָט פופציק יאָר געוואַרט אויף דעם נקמה־מאָמענט, די פאַרקערפּערונג פון נאַציאָנאַליסטישע שנאה; פון דער אַנדערער זייט — לאָיד דזשאָרדזש, דער פאָרשטייער פון דער מעכטיקער ענגלישער בורזשואַזיע, וועלכער זאָרגט דערפאַר, אַז מ'זאָל די דייטשן נישט דערלויבן צוריק אויפבויען זייער פרעכטיקן פלאָט;

נישט דערלויבן, אַז פראַנקרייך זאָל ווערן אַ געפערלעכער קעגנער; שטערן אַמעריקע צו באַקומען די העגעמאָניע איבער דער וועלט. און צווישן זיי זיצט אַ פּראָפעסאָר, וועלכער האָט נישט קיין שום רעאַלע פאָרשטעלונג פון די אייראָפּעאישע ענינים; אַ שוואַכער, אַ צעשטרייטער, וועלכער קומט צו גיין אויף די קאָנפערענצן פון אַנדערע צונויפטרעפן מיט פראַנצויזישע עלעגאַנטינס, מיט וועלכע די פראַנצויזישע דיפּלאָמאַטיע האָט אָט דעם אַמעריקאַנער פּוריטאַנער אַרומגערינגלט. אָבער, אפילו ווען ווילסאָן וואָלט זיך נישט ארויסגעוויזן אלס ווילנלאָזער שוטה צווישן א טשערעדע וועלף, ווען ער וואָלט אפילו געווען א מאן געשמידט פון אייזן, — אפילו דאן וואָלט קיין איינע פון זיינע הבטחות נישט געקאָנט רעאליזירט ווערן.

דער אַמעריקאַנער פינאַנץ-קאַפּיטאַל איז פון דער מלחמה אַרויס צום שטאַרקסטן. אָבער ווען ס'וואָלט זיך איינגעגעבן צו שאַפן אַן אמתן פעלקער-בונד, וואָלט די פאַראייניקונג פון אַנדערע מלוכות אין די ראַמען פון דאָזיקן בונד געקאָנט זיין שטאַרקער פון אַמעריקע. פאַרן אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל איז באַקוועמער געווען צו שטעלן זיך פנים אל פנים מיטן אויפן באַלקאַנישן שטייגער צעבּרעקלטן אייראָפּע און דורכפירן זייער הויפּט־דעה איבער אַ צענדליק לענדער, וועלכע זענען רואינירט, שוואַך און פאַראורטיילט אויף דער הילף פון אַמעריקע. אַלע אידעאַלן פון ווילסאָנען, וואָס זענען אויסן געווען צו שאַפן אַן אמתע פעלקער-ליגע, וועלכע זאָל עפענען דעם וועג צו פאַראייניקונג פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט אין נאָמען פון ווירטשאַפטלעכן אויפבוי, זענען פאַרן אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל געוואָרן אומ־

באַקוועם. דאַקעגן אַ פעלקער־ליגע מיט אַזאַ פּרצוף, ווי ס'האָט זיך געבילדעט נאָך ווילסאָנס קאַפּיטולאַציע, האָט ביי די פאָלקס־מאַסן פון אַמעריקע קיין אונטערשטיצונג נישט געקאָנט באַקומען.

דער אַמעריקאַנער פינאַנץ־קאַפּיטאַל, וועלכער האָט באַראַבעוועט אַ האַלבע וועלט, און דערין אויך די באַפעלקערונג פון אַמעריקע, האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דער שטימונג פונם קליינבירגערטום, וואָס האָט געשמאַכט אונטער דעם מוראדיקן יקרות; פונם קליינבירגטום, ווען די מלחמה האָט שוין געהאַט דערעסן ביז גאָר.

— נידער מיט די אייראָפּעאישע ענינים! — אָט דאָס איז געווען די שטימונג פון די אַמעריקאַנער קליינבירגערלעכע מאַסן.

די אַנטוישטע פּאַציפיסטן זענען געוואָרן קעגנער פון ווערסיילער טראַקטאַט, ווייל ער איז געווען אַ באַשיינפערלעכע פּאַרלייקענונג פון אַלע פּריערדיקע ווילסאָנס געבאָטן. די אַמעריקאַנער באַפעלקערונג איז געווען קעגן דעם דאָזיקן טראַקטאַט, ווייל ער האָט באַלאַסטעט אַמעריקע מיט גאַראַנטיעס פאַר אָט דעם רויבערישן ווערסיילער שלום און אויטאָמאַטיש זי אַריינגעצויגן אין דער צוקונפטיקער מלחמה. אַזוי אַרום איז ווילסאָן צוריקגעקומען אין זיין פאָטערלאַנד, ווי אַ פּאָליטישער מת.

טייל דערקלערן ווילסאָנס ירידה מיט זיין שוואַכקייט; אַנדערע ווידער זאָגן, אַז אָט דער לעצטער נביא פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בורזשואַזיע איז געווען אַ גרויסער צבועק

און שווינדלער. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם קאָן מען רואיק איבערלאָזן פאַר די ליבהאָבער פון ביאָגראַפיעס פון גרויסע מענטשן פונם אונטערגייענדיקן קאַפּיטאַליזם. ווען ווילסאָן וואָלט אפילו געווען אַ מענטש מיט אַ קרישטאָל־ריינער נשמה; אַ מענטש, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ הערצאָישן ווילן, וואָלטן זיינע אידעען אַלצאיינס געמוזט פאַרלוירן גיין. די קאַפּיטאַליסטישע וועלט איז אַ וועלט, וואָס האַלט זיך אויף קאָנקורענץ. אַקעגן איין רויבערישער אָרגאַניזאַציע, וואָס באַמיט זיך אויסצופירן פעלקער־רויבערייען, שטייען אויף אַנדערע, זוכן מיטלען אויף צו באַקומען פּראָפיטן; מיט די אינטערעסן פון דער נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע זענען פאַרבונדן די אינטערעסן פון די דינאַסטיעס פון די מיליטערישע קליקעס — און אַלע שטרעבן זיי צו פאַראייביקן לעולם ועד די קאָנקורענץ, באַוואָפנונגען, מלחמות און נאַציאָנאַליסטישע מחלוקתן.

די אידעע פון אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט הערט אויף צו זיין אַ שווינדל, אָדער אַן אוטאָפּיע, ערשט פון יענעם מאָמענט אָן, ווען עס וועט זי נעמען אין זיינע הענט אַריין דער קלאַס, וועלכער איז פאַראינטערעסירט אינם אָפּשאַפן די עקספּלואַטאַציע פון איין טייל וועלט דורכן אַנדערן; דער קלאַס, וועלכער קאָן זיגן נאָר דורכן שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע; דער קלאַס, וועלכער וועט נאָכן אָפּהאַלטן דעם נצחון זי פאַרטרעטן מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלער ווירטשאַפטס־אָרגאַניזאַציע. לענין איז געווען די פאַרקערפּערונג פון אָט דער גרויסער, רעאַלער אידעע פון אָרגאַניזירטער מענטשהייט.

צענער־יאָרן וועלן נאָך דורכלויפן, איידער די דאָזיקע אידעע וועט פאַרווירקלעכט ווערן; זי איז דער ציל, צו וועלכן עס וועט שטרעבן דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלע־טאַריאַט, ווייל אָט דער ציל האַלט ביי אים אָן און לייכט אים ווי אַ שטערן איבערן מענטשנס קאָפּ.

5 פעברואַר 1924.

אין די קומענדיקע צוויי ביכלעך וועלן זיין געדרוקט פאָלגנדיקע „פּאָרטרעטן" פון קאַרל ראַדעק:

סאַווינקאָוו

סוויערדלאָוו

לענין

עבערט

לאָיד-דזשאָרדזש

סון יאַט סען

לאָרד קערזאָן

ראַטענוי

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem.
„GROSZEN-BIBLJOTEK" Nr. 203
Adres red. i adm.: Warszawa, Wspólna 5
Skrzynka pocztowa 178. P. K. O. 25.449.



ISBN: 0-657-11513-4
01-158